# ישׂראֵל'ס „בֵּין־הַזְּמַנִּים"

אוּן די

# „אַחֲרִית הַיָּמִים".

א דבר בעתו איבער ישראל'ס געגענוואַרט אונד צוקונפט


פֿון

**דוד באראן,**

ראש החברה „עדות לישראל".


אויס דער איינגלישער שפּראַך איבערזעטצט

פֿון יע"ל.

---

צווייטע פערבעסערטע אויפלאגע.

---


**הוצאת חחברה „עדות לישראל",**

189 ווייטשאפעל ראָד, איסט־ענד.

---

לאנדאן

1916.

unknown to the bibliogr. — even to Roth, Bibl A..., —
rare printing of Narodiczky

# ישראל׳ס „בין־הזמנים"

אונ די

# „אחרית הימים".

א דבר בעתו איבער ישראל׳ס געגענווארט אונד צוקונפט

פֿון


**דוד באראן,**

ראש החברה „עדות לישראל".


אויס דער איינגלישער שפראַך איבערזעצט

פֿון יע״ל.

---


צווייטע פערבעסערטע אויפלאגע.

---

הוצאת החברה „עדות לישראל",

189 ווייטשאפעל ראַד, איסט־ענד.

---

לאנדאן

1916.

א וַיֹּאמֶר יְהוָה אֵלַי עוֹד לֵךְ אֱהַב־אִשָּׁה אֲהֻבַת רֵעַ וּמְנָאָפֶת
כְּאַהֲבַת יְהוָה אֶת־בְּנֵי יִשְׂרָאֵל וְהֵם פֹּנִים אֶל־אֱלֹהִים
2 אֲחֵרִים וְאֹהֲבֵי אֲשִׁישֵׁי עֲנָבִים׃ וָאֶכְּרֶהָ לִּי בַּחֲמִשָּׁה עָשָׂר
3 כָּסֶף וְחֹמֶר שְׂעֹרִים וְלֶתֶךְ שְׂעֹרִים׃ וָאֹמַר אֵלֶיהָ יָמִים
רַבִּים תֵּשְׁבִי לִי לֹא תִזְנִי וְלֹא תִהְיִי לְאִישׁ וְגַם־אֲנִי אֵלָיִךְ׃
4 כִּי ׀ יָמִים רַבִּים יֵשְׁבוּ בְּנֵי יִשְׂרָאֵל אֵין מֶלֶךְ וְאֵין שָׂר
ה וְאֵין זֶבַח וְאֵין מַצֵּבָה וְאֵין אֵפוֹד וּתְרָפִים׃ אַחַר יָשֻׁבוּ
בְּנֵי יִשְׂרָאֵל וּבִקְשׁוּ אֶת־יְהוָה אֱלֹהֵיהֶם וְאֵת דָּוִד מַלְכָּם
וּפָחֲדוּ אֶל־יְהוָה וְאֶל־טוּבוֹ בְּאַחֲרִית הַיָּמִים׃

# הקדמה פֿונ'ם איבערזעטצער.

---

דער מאמר „ישראל'ס בין־הזמנים" און די „אחרית הימים", וועלכעי מיר האַבען איבערזועצט פֿון דער ענגלישער שפּראַך, איז גענומען פֿון א ווערק: The Ancient Scriptures and the modern Jew, by David Baron. דער ספר איז לכתחילה פֿערפֿאַסט פֿאַר כריסטליכע לעזער, צו דערוועקען אין זייער הערץ אַנ'אמת'ע ליעבע צו אונזער פֿאַלק. דער מאמר, וועלכען מיר האָבען דאַ איבערזועצט, איז אָבער פֿון ניט ווייניג אינטערעס אויך פֿאַר אונז יודען, דען ער העלפֿט אונז צו בעטראַכטען אונזערע געשיכטע אין דעם ליכט פֿון גאָט'ס וואָרט, און נור אין דער דאָזיגער בעלייכטונג בעגרייפֿען מיר דעם ריכטיגען זין פֿון אונזער לאַנגער און איינציגאַרטיגער געשיכטע. ווייל דער מאמר איז לכתחילה בעשטימט געוועזען פֿאַר כריסטליכע לעזער, האָב איך זיך געפֿיהלט גענויטיגט איהם אַ ביסעל צו בעאַרבייטעז, דאָ און דאָרט קליינע הוספות צו מאַכען, כדי דער יודישער לעזער זאָל לייכטער בעגרייפֿען דעם גערדאַנקען־גאַנג פֿונ'ם געעהרטען מחבר, און דערצו האָט מיר דער פֿערפֿאַסער זיינע ערלויבענים געגעבען. צום שלום וויל איך נאָר זאָגען צו איטליכען, וואָס אין זיינע הענד וועט קומען דער מאמר: נעהם און לייען איהם מיט כוונה; לייען איהם פֿון אָנפֿאַנג ביז צום סוף, דען נור דעמאָלט ועסטו זיין אימשטאַנד צו אורטהיילען ריכטיג איבער די פֿראגע וואָס ווערט בעהאַנדעלט אינ'ם מאמר. דער מאמר וויל דיר דיענען, ער וויל דעם לעזער דאס אויג עפֿענען פֿאַר אַזעלכע זאַכען, וואָס ער האָט ביז־הער ניט בעטראַכט, ער וויל העלפֿען דעם לעזער צו בעטראַכטען זיך און זיין פֿאַלק אין דעם ליכט פֿון אונזערע גרויסע נביאים, הויפּטזעכליך וויל ער דעם לעזער בעקאַנט מאַכען מיט איהם, וועלכער איז דער תפארת ישראל. זאָל עס דיר גליקען זיך מיט איהם צו בעקאַנען, און איהם קענען הייסט איהם ליעבען, וועט דיין שמחה געוויס זיין גרויס, און איבער דיין שמחה וועט זיך געוויס פֿרייהען דער געעהרטער מחבר און אויך זיין פֿריינד

**דער איבערזעטצער.**



# ישראל׳ס „בין־הזמנים“ און די „אחרית הימים“.

דאָס דריטע קאַפּיטעל פון הושע איז דער ענין וואָס מיר ווילען אונז דאָ מיט איהם בעשעפטיגען. דאָס קאַפּיטעל קען מען איינטהיילען אין צוויי חלקים: דער ערשטער חלק (די ערשטע דריי פסוקים) האַלט אין זיך אַ משל, און דער צווייטער חלק (די לעצטע צוויי פסוקים) אַ בפירוש׳ע נבואה.ביידע חלקים זענען ענג פערבונדען איינער מיט דעם אַנדערן, דען דער משל אים ערשטען חלק שטעהט אַלס אַ אילוסטראַציע צו דער נבואה אין צווייטען חלק, און די נבואה גופא איז ניט אַנדערש ווי דער נמשל צום משל. מ׳קען זאָגען, דאָס גאַנצע קאַפּיטעל האַנדעלט וועגען איין־איינציגען ענין, אַ ענין וואָס שטעהט אין אַ זעהר ענגער שייכות צום פאָלק ישראל, נאָר איז דער דאָזיגער ענין אויסגעדריקט אויף צווייערליי אופנים, צוערשט בדרך משל און דערנאָך מיט איינפאַכע און קלאָהרע ווערטער.

פרעגען מיר, וואָס בעדייט די משונה׳דיגע מעשה דערצעהלט אינ׳ם ערשטען חלק, געפינען מיר אַ קלאָהרען ענטפער אין דעם ערשטען פסוק, אין די ווערטער „כ א ה ב ת ה׳ א ת ב נ י י ש ר א ל — גלייך דער ליעבע פון גאָט צו די קינדער ישראל“. פון די דאָזיגע ווערטער זעהען מיר, דאָס דער משל האַנדעלט וועגען גאָט׳ס ליעבע צו אונזער פאָלק, געוויס אַ ענין פון גרויס וויכטיגקייט, ווערט, דאָס איטליכער פון אונז זאָל זיך מיט איהם ערנסט בעשעפטיגען און זיך אין איהם פערטיעפען.

גאָט זאָגט צום נביא: „עוד לך אהב אשה אהבת רע ומנאפת — נאָך־אַ־מאָל געה, בעקום ליעב אַ פרוי, געליעבט פון איהר פריינד (ד. ה. איהר מאַן) און איז — אַנ׳עהע־ברעכערין“. עס קען קיין ספק נישט זיין, דאָס די „פרוי“ אין אונזער פסוק איז קיין אַנדערע ניט ווי די „גמר בת דבלים“ דערמאָהנט אין ערשטען קאַפּ. פון הושע, און דאָס איהר פריינד וואָס ליעבט זי נאָך, ניט קוקענדיג אויף דעם וואָס זי איז איהם אונטריי

געוואָרען, איז אויך קיין אַנדערער ניט ווי דער נביא הושע, וועמען עס האָט געטראָפֿען דאָס גרעסטע אומגליק וואָס קען נאָר טרעפֿען אַ מענשען, דאָס אומגליק וואָס זיין פֿון איהם הייס־געליעבטע פֿרוי איז פֿאַלש געוואָרען צו איהם און האָט איהם געבוירען „ילדי זנונים" — אונעכטע קינדער. דער נביא האָט אין זיין פֿאַמיליע־לעבען געמאַכט די גלייכע טרויעריגע ערפֿאַהרונג, וואָס גאָט האָט געמאַכט אין זיין פֿערהעלטניס צו זיין פֿאָלק ישראל, און דערפֿאַר קען ער און זיין פֿאַמיליע דיענען אַלס „אותות ומופתים בישראל", ד. ה. ישראל האָט אין דער „גמר בת דבלים" געקאָנט זעהן אַ בילד פֿון זיך גופא, און אין דעם נביא'ס עגמת נפש אַ בילד פֿון גאָט בה"ס אייגענער עגמת־נפש כביכול איבער ישראל'ס אונטריישאַפֿט, און אין דער שטראָף איבער די „גמר בת דבלים" אַ רמז אויף די שטראָף וואָס וועט קומען איבער ישראל פֿאַר זיין אונטריישאַפֿט צו גאָט.

ראשית־כל איז צו מערקען, דאָס דער נביא, בעת ער האָט געהייראַטעט די גמר בת דבלים, האָט דאָס ניט געטהאָן, וויל זי האָט זיך אויסגעצייכענט דורך וועלכע ס'איז שיינע מדות, וואָס שטעהען אָן דער פֿרוי פֿון אַ נביא אין ישראל. פֿאַרקעהרט, דער פסוק דייטעט אָן, דאָס זי האָט שוין פֿאַר דער חתונה געפֿיהרט אַ ניט־כשר'ן לעבען, זי האָט אויך אַ שם געהאַט, אָבער ניט קיין גוטען, אַלע האָבען געוואוסט ווער זי איז, אַז זי איז „גמר בת דבלים". ווען דער נביא האָט זי געהייראַטעט, האָט זי געוויס אַזאַ כבוד ניט פֿערדינט, פֿאַרקעהרט: אַ גרויסען און וואונדערבאַרען חסד האָט דער נביא מיט איהר געטהאָן דערמיט, וואָס ער האָט זי אַרויסגעצויגען פֿון דעם שמוציגען זומפּ און איהר געשענקט די מיגלעכקייט צו ווערען אַנ'אָנשטענדיגע פֿרוי, דערצו נאָך די פֿרוי פֿון אַ נביא. בעת דער נביא האָט זי געהייראַטעט לויט דעם בעפֿעהל פֿון גאָט, האָט ער גוט געוואוסט מיט וועמען ער האָט דאָ צו טהון, אָבער ער האָט זיך מן הסתם געטרייסט מיט דער האָפֿענונג, דאָס דורך ליעבע און גוטע ביישפּילע וועט ער ביי איהר פועל'ן, דאָס זי וועט ענדערן איהר כאַראַקטער און פֿאַרלאָזען איהרע אַלטע וועגען. ער האָט אפשר אויך געהאָפֿט, דאָס זי וועט מיט דער צייט פֿערשטעהן צו שעטצען דעם גרויסען חסד וואָס ער האָט מיט איהר געטהאָן, דאָס זיינע וואַרמע און אינניגע ליעבע צו איהר וועט געפֿינען אַנ'עכאָ אויך ביי איהר אין האַרצען, דאָס זי וועט קיין מאָל ניט פֿערגעסען וואָס זי איז אַ מאָל געוועזען און וואָס זי איז איצט געוואָרען, אַ דאַנק דער גרויסער גוטסקייט פֿונ'ם נביא; און אַזאַ צאַרטע און טיעף־פֿיהלענדע נאַטור ווי דעם נביא הושע'ס האָט געוויס ניט איבערגעלאָזען קיין שום מיטעל און קיין געלעגענהייט איינצו־ווירקען אויף איהר

און זי צוזינגען צו זיך מיט שטאַרקע באַנד פֿון ליעבע. אָבער אל׳ץ אומ־זיסט! אומזיסט האָט ער פֿערשוועגדעט אַלל זיין מיה, אַלע זיינע שייהנסטע האָפֿענונגען האָבען זיך אויסגעלאָזען אין אַ טרויריגען סוף. זי איז אונעמפּ־פֿינדליך און אונעמפּפֿענגליך געבליבען פֿאַר זיין ליעבע ווי פֿאַר זיין גוטס־קייט, פֿאַר די פֿרומקייט זיינע ווי פֿאַר זיינע הויכע און איידעלע מדות. און מיט שאַנד האָט זי בעדעקט דעם נביא׳ס נאָמען און זיין הויז, גע־בראָכען זיין האַרץ און מיט ענטווישונג דערפֿילט זיינע זעעלע.

הושע׳ס געשיכטע מיט „גמר בת דבלים" איז אַ בילד פֿון ישראל׳ס געשיכטע. בעת גאָט האָט אויסדערוויהלט ישראל צו זיין זיין פֿאָלק, האָט ער דאָס ניט געטהאָן ווייל ישראל האָט זיך אויסגעצייכענט דורך אַזעלכע מדות וואָס שטעהען אָן אַנ׳עם ה׳, אַ גאָט׳ס פֿאָלק, ניין, ישראל האָט דעם דאָזיגען כבוד גאָר ניט פֿערדינט. די „בחירת ישראל" איז אַ ריינער אַקט פֿון געטליכען חסד, וואָס האָט זיין איינציגען גרונד און אורזאַכע אין גאָט׳ס גוטסקייט און אין קיין שום זכות ניט פֿון ישראל. משה ווערט ניט מיעד איינצו׳חזר׳ן דעם פֿאָלק דעם דאָזיגען ענין: „לא מרבכם מכל העמים חשק ה׳ בכם ויבחר בכם, כי אתם המעט מכל העמים. — ניט ווייל איהר זייט גרעסער פֿאַר אַלע אַנדערע פֿעלקער האָט גאָט אייך ליעב בעקומען און אויסדערוויהלט, דען איהר זייט דאָס קליינסטע (פֿאָלק) צווישען אַלע פֿעלקער" (דברים ז, ז). „אל תאמר בלבבך בהדף ה׳ אלהיך אתם מלפניך לאמר: בצדקתי הביאני ה׳ לרשת את הארץ הזאת... לא בצדקתך ה׳ אלהיך נותן לך את הארץ הטובה הזאת לרשתה, כי עם קשה ערף אתה. — דו זאָלסט ניט זאָגען אין דיין האַרצען, בעת גאָט דיין גאָט וועט זיי (די כנענים) פֿערטרייבען פֿון דיין אַנגעזיכט: וועגען די צדקות מיינע האָט גאָט מיך אַהער געבראַכט צו ירש׳ענען דאָס דאָזיגע לאַנד... ניט פֿאַר די צדקות דיינע גיט דיר גאָט דיין גאָט דאָס דאָזיגע גוטע לאַנד צו ירש׳ענען, וואָרום דו ביסט אַ האַרט־נאַקיג פֿאָלק" (שם ט, ד. ו.) „כי מאהבת ה׳ אתכם ומשמרו את השבעה אשר נשבע לאבתיכם. — נייערט ווייל גאָט האָט אייך ליעב און האַלט די שבועה וואָס ער האָט געשוואָ־רען צו אייערע אבות" (ז. ח.) משה רבינו זאָגט אונז דאָ בפירוש, דאָס גאָט׳ס ליעבע צו ישראל איז אַנ׳אונפֿערדינטע, דאָס איהר סבה איז צו זו־כען ניט אין ישראל, נייערט אין גאָט, אין זיין חסד און רחמים. ווי וועניג די זונה גמר האָט פֿערדינט דער נביא זאָל איהר נעהמען פֿאַר אַ פֿרוי, אַזוי וועניג האָט דאָס קשה־ערף־פֿאָלק פֿערדיענט, גאָט זאָל עס אויסדער־וויהלען צו זיין דאָס עם ה׳ — גאָט׳ס פֿאָלק.

לאָמיר איצט בעטראַכטען דעם צווייטען אַקט פֿון דער דאָזיגער

טראַגעדיע. נאָכדעם ווי די גמר בת דבלים האָט חתונה געהאַט מיט׳ן נביא הושע און איהם געבוירען דריי קינדער, האָט זי איהם פערלאָזען אין גאַנצען און נאָכגעגאַנגען אַן אַנדערען מאַן. דער נביא אָבער, ניט אַכטענ־דיג אויף דער אונדאַנקבאַרקייט מיט וואָס זי האָט איהם בעצאָהלט פאַר די גרויסע ליעבשאַפט זיינע צו איהר, אויף דער גרויסער עגמת נפש וואָס זי האָט איהם אָנגעטאָן און אויף דעם גרויסען בזיון וואָס איהרע שענדליכע מעשה האָט אויף איהם געבראַכט, הערט דאָך ניט אויף זי נאָך צו ליעבען, נאָך איהר צו בענקען. דאָס איז זעהר ריהרענד אויסגעדריקט מיט די ווערטער: אהבת רע ומנאפת; אַנ׳עהעברעכערין איז זי, און פון דעסט־וועגען איז זי נאָך געליעבט פון איהר מאַן, געוויס, אַזאַ ליעבע האָט קוים איהר גלייכען אין דער וועלט. פערדינט האָט זי טיעף פעראַכטעט צו ווע-רען, דער נביא טהוט דאָס אָבער ניט, ער ליעבט זי נאָך ווי פריהער. נאָך דער תורה האָט זי פערדינט געשטייניגט צו ווערען (סקילה), ער קלאָגט זי אָבער ניט אָן, ווייל ער ליעבט זי. — די דאָזיגע וואונדערבאַרע ליעבע פון הושע הנביא איז ווידער אַ בילד פון גאָט׳ס ליעבע צו זיין פאָלק ישראל.

גרויס איז די גדולה וואָס ישראל, דאָס קשה־ערף־פאָלק, האָט דער־גרייכט. ניט אומזיסט רופט משה רבינו פאַר זיין טויט אויס: „אשריך ישראל מי כמוך! וואויל איז צו דיר, ישראל, ווער איז צו דיר גלייך ?!" (דברים לג). אויף ישראל זאָגט דער נביא: כי בעליך עשיך, ה׳ צבאות שמו. דער באַשעפער דיינער איז דיין מאַן, גאָט צבאות איז זיין נאָמען (ישעי׳ נד, ה). אָבער אָנשטאָדט גאָט צו ליעבען און מיט איהם זיך באַהעפטען, זאָגענדיג מיט דעם משורר: קרבת אלהים לי טוב, גאָט׳ס נאָהענטקייט איז פאַר מיר דאָס בעסטע אין דער וועלט, איז ישראל נאָכגעלויפען פאַלשע געטער (והם פונים אל אלהים אחרים), אָנ-שטאָדט זיינע הויכסטע שמחה צו האָבען אין גאָט, זאָגענדיג מיט דעם משורר: נתתה שמחה בלבי מעת דגנם ותירושם רבו, דו האָסט מיר אין האַרצען געגעבען אַ שמחה וואָס איז גרעסער פאַר די שמחה, וואָס זיי האָבען, וועלכע זאַמלען קאָרן און וויין גאָר אַ סך (תהלי׳ ד), זענען זיי גע-וואָרען „אהבי אשישי ענבים" — ליעבהאָבער פון וויינטרויבען־קוכען, ד. ה. זיי זיינען מגושם און פאַרגרעבט געוואָרען, שטענדיג נאָכגעלויפען די תענוגים פון דער עבודה זרה און פון עולם הזה. ווי גמר אַנטקעגען דעם נביא אַזוי האָט ישראל זיך אויפגעפיהרט אַנטקעגען גאָט; ווי גמר איז ישראל געוואָרען אַ „זונה ומנאפת" און האָט פערדינט „סקילה", אונטערצוגעהן אַלס נאַציאָן; די מעשה מיט דעם נביא וויל אונז אָבער לעהרנען, דאָס

גאָט ב"ה איז וועניגסטענס אַזוי גוט ווי דער נביא: אַזוי ווי דער נביא האָט ניט אויפגעהערט צו ליעבען זיין זינדיגע, טיעף געפאַלענע ווייב, אויך אין דער צייט ניט, ווען זי איז אַנ'אַנדערן נאָכגעלויפען, אַזוי האָט אויך גאָט ניט אויפגעהערט צו ליעבען זיין זינדיג פאָלק ישראל אויך אין דער צייט ניט, ווען עס פערלאָזט גאָט און ווערט איהם אומטריי.

## נאך ליעבט גאט זיין פאלק ישראל.

נאָך איצט אפילו, ווען ישראל איז אין די הענד פון זיינע פיינד, אַ „משל ושנינה" פאַר אַלע פעלקער, איז און בלייבט ישראל „ידידות נפשי", די וועלען-געליעבטע פון גאָט (ירמי' יב, ז), און אייפערזיכטיג בעאָבאַכטעט ער די פעלקער, ווי זיי באַנעהמען זיך מיט זיין פאָלק ישראל. געוויס שטעהט פעסט דאָס ישראל האָט געזינדיגט און די זינד ויינע שיידען איהם אָב פון זיין גאָט (ישעי' נט, ב), און דערפאַר האָט גאָט ב"ה געמוזט ישראל פערלאָזען אויף אַ קליינע ווײַלע און אין זיין צאָרן זיין פנים פאַר־באָרגען פון ישראל — אויף איין אויגענבליק (ישעי' נד), פון דעסטוועגען געהערען דאָך גאָט און די כנסת ישראל אויף אייביג צוזאַמען, ווי דער נביא זאָגט: וארשתיך לי לעולם (הושע ב), איך האָב זיך מיט דיר אויף אייביג פערלאָבט. גאָט האָט פיינט דאָס גט'ען זיך, כי שנא שלח, אמר אלהי ישראל (מלאכי ב). און כל זמן גאָט ב"ה בלייבט גאָט, וועט זיין פאָלק ישראל ניט אונטערגעהן:

**כי אני ה' לא שניתי, ואתם בני יעקב לא כליתם** (שם ג' ו),

איך, דער אייביגער, האָב זיך ניט פערענדערט, און דערפאַר זייט איהר, קינדער יעקב'ס, ניט פערטילגט געוואָרען.

דער צווייטער פסוק גיט אונז אָנצוהערען, וואָס פאַר אַ גערינגען ווערט ישראל וועט האָבען אין די אויגען פון די פעלקער, און דאָס אויך ווערט אָבגעבילדעט דורך די געזונקענע גמר. גאָט הייסט דעם נביא די גמר ווידער נעהמען צו זיך, און דער נביא פאָלגט גאָט'ס רייד. כדי אָבער איהר צו־זיך צו נעהמען מוז ער צוערשט געהן און זי אויסלייזען פון דער שקלאַווערייַ. בעת זי האָט דעם נביא פערלאָזען, האָט זי אין דער ערשטער צייט נאָך ליעבהאָבער געפונען, שפעטער אָבער איז זי אַזוי אַרונטערגעקו־מען, דאָס זי האָט קיין אַנדערן אויסוועג ניט געפונען ווי זיך צו פערקויי־פען צו אימעצען פאַר אַ שפחה (שקלאַווין). דער נביא, איהר מאַן, מוז זי אויסלייזען פון דער קנעכטשאַפט, און מ'פערלאַנגט פאַר איהר ניט אַ סך, אין גאַנצען פופצעהן שקל, פונקט די העלפט וואָס מ'האָט באַצאָהלט פאַר

אַ טויטען קנעכט (שמות כא, לב), דערצו נאָך אַ חֹמֶר און אַ לְהָךְ געֶרשטען.
ישראל איז אויסדערוועהלט געוואָרען צו זיין גאָט'ס זוהן (בני בכורי ישראל), גאָט האָט זיך מיט ישראל פֿאַר'קנס'ט אויף עביג, ישראל איז כביכול זיין ווייב, וועלכע ער ליעבט מיט אַנ'עביגער ליעבע; ישראל האָט בכן געזאָלט גאָט דיענען און זיין אַנ'אמת'ער און געטרייער „עבד ה'" גאָט'ס קנעכט. ישראל האָט אָבער זיין גאָט פֿאַרלאָזען, געוואָרען אַ „עבד החטא", אַ זינדען־קנעכט, און דערמיט אַנ'עבד צו די אומות העולם, זיינע פֿיינד. דערביי האָט ישראל קיין גרויס ווערט נישט אין די אויגען פֿון די פֿעלקער, פֿאַר אַ קלייניגקייט וואָלטען זיי ישראל פֿערקויפֿען, נאָר פֿון איהם פטור צו ווערען. ווייל גאָט איז ביי ישראל ניט חשוב געוועזען, איז אויך ישראל ניט חשוב אין די אויגען פֿון די אומות.
זעהר מערקווערדיג איז דאָס וואָס שטעהט אין דריטען פסוק: ויאמר אליה, ימים רבים תשבי לי, לא תזני ולא תהיה לאיש, וגם אני אליך. און איך האָב צו איהר געזאָגט: אַ לאַנגע צייט זאָלסטו מיר זיטצען, ניט דו זאָלסט מזנה־זיין און אויך ניט געהערען צו אַ מאַן, און אַזוי וועל אויך איך זיך צו דיר פֿערהאַלטען. — איהר שטראָף וועט בעשטעהן דערין וואָס זי וועט מוזען זיטצען איינזאַם, אָבגעזונדערט פֿון אַלע מענשען. ניט וועט זי מעהר זינדיגען ווי פֿריהער, אָבער אויך ניט בעהאַנדעלט ווערען פֿון איהר מאַן ווי זיין ווייב. איהר מאַן וועט זי די גאַנצע צייט היטען, ביז דער טאָג וועט קומען ווען ער וועט זי ווידער נעהמען צו זיך, ווערען איהר מאַן און זי זיין ווייב, אַזוי ווי זיי האָבען זיך צוגעזאָגט ביי דער חתונה.
וואָס וויל דער משל זאָגען צו ישראל? איך גלויב פֿאָלגענדעס: נאָך גלות בבל, וואָס האָט געדויערט 70 יאָהר, האָט גאָט געלאָזען אַ „שארית", אַ קליינעם טהייל, אַ היים־קומען פֿון בבל, און דעמאָלט האָט זיך אָנגע־פֿאַנגען פֿאַר ישראל אַ מערקווערדיגע צייט, אַ צייט פֿון „לא זכות ולא חובה" אַ נייטראַלע צייט. אין דער דאָזיגער צייט דיענט ישראל מעהר ניט פֿרעמדע געטער, טהוט מעהר ניט מזנה־זיין פֿון גאָט, אָבער אין דער צייט איז ישראל אויך ניט דאָס וואָס עס זאָל זיין, אַ פֿאָלק פֿון גאַנצען הארצען איבערגעגעבען צו גאָט. בעת ישראל איז צוריקגעקומען פֿון בבל, האָט עס תשובה געטהאָן און זיך אָבגעזונדערט פֿונ'ם געטצען־דיענסט, דאָך איז דאָס ניט געוועזען אַנ'אמת'ע תשובה. זיי האָבען תשובה געטהאָן, אָבער נור אויסערליך, ניט פֿון גאַנצען האַרצען: זייער האַרץ איז געבליבען ווי פֿריהער. גאָט אָבער קען זיך נור דעמאָלט אין חסד און רחמים קעהרען צו ישראל, ווען ישראל קעהרט־זיך־אום פֿון גאַנצען האַרצען צו גאָט. מיט אַנדערע ווערטער: נור דעמאָלט קען זיך גאָט מתקרב זיין צו ישראל,

ווען דאָס הערץ פֿון ישראל איז זיך מתקרב צו גאָט. דאָס האָבען זיי אָבער דענסטמאָל ניט געטהאָן, ווי מ'קען דאָס זעהן פֿון ישראל'ס געשיכטע אין דער צייט פֿון בית שני. זייער הארץ איז געווען אזוי אָבגעקעהרט פֿון גאָט, זייערע מחשבות אַזוי פֿול מיט עולם־הזה, זייערע אויגען אַזוי פֿער־בלענדעט פֿון „מצות אנשים מלמדה", דאָס זיי האָבען ניט דערקאָנט איהם, אויף ווען אַלע נביאים האָבען נביאות געזאָגט, איהם, וועל־כער איז געקומען „צו פֿערזאַמלען און דערלייזען די פֿערלאָרענע שעפֿעלעך פֿון בית ישראל", יאָ איהם, וועלכער איז „זהר כבודו וצלם עצמותו", דער אָבגלאַנץ פֿון גאָט'ס הערליכקייט און דאָס בילד פֿון זיין וועזען. פֿון דעסטוועגען איז נאָך פֿאַרהאַנען אַ האָפֿענונג פֿאר ישראל. ישראל זיצט אפילו איצט איינזאַם און פֿערלאָזען, און אין די אויגען פֿון די פֿעלקער זעהט עס אויס, אַזוי ווי גאָט וואָלט גאָר אין גאַנצען זיך אָבגעזאָגט פֿון זיין פֿאָלק ישראל, אָבער ניין, ישראל איז פֿון גאָט ניט פֿערלאָזען: עס בלייבט זיטצען פֿאַר גאָט, וועלכער וועט נאָך אַ מאָל ווידער אויסגיסען איבער ישראל אַלע די ברכות, וואָס ער האָט איהם צוגעזאָגט, בעת ער האָט ישראל אויסדערוועהלט צו זיין איין „עם ה'", אזוי ווי אונזער נביא הושע איז אונז מבטיח מיט די ווערטער:

„וארשתיך לי לעולם, וארשתיך לי בצדק ובמשפט ובחסד וברחמים, וארשתיך לי באמונה וידעת את ה'. איך וועל זיך מיט דיר פֿער־לאָבען אויף עביג, איך וועל זיך מיט דיר פֿערלאָבען אין גערעכטיג־קייט און רעכט, אין ליעבע און רחמנות, איך וועל זיך מיט דיר פֿערלאָבען אין טריישאַפֿט און דו וועסט דערקענען דעם עביגען". (ב, כא. כב).

איצט געהען מיר איבער צו דער ווע־טליכער נביאה אין פסוק ד' און ה', וואָס ערקלעהרט אונז דעם משל אינ'ם ערשטען חלק פֿון אונזער קאַפּיטעל. ווי מיר האָבען שוין איבען געזאָגט, געהערעןביידע הלקים צו־זאמען. דאָס קען מען זעהן פֿון פסוק ד' וואו די ווערטער „ימים רבים ישבו בני ישראל" שטימען צו די ווערטער, „ימים רבים תשבי לי" אין פסוק ג'. די שייכות צווישען ישראל און גמר איז דיזעלבע ווי צווישען אַ משל און אַ נמשל. גמר איז אַ משל אויף ישראל, און די „פֿיעלע טעג" וואָס זי מוז זיטצען איינע־אַליין, אָבגעזונדערט פֿון אַלעמען, אפילו אייך פֿון איהר מאַן, איז אַ בילד פֿון דעם וואָס וועט טרעפֿען ישראל, וואָס האָט זיך אויפֿגעפֿיהרט ניט בעסער פֿון דער גמר בת דבלים. אין פסוק ד' האָבען מיר בכן אַ גרויסע און וויכטיגע נבואה אייף ישראל'ס „בין־הזמנים". מיט די „בין־הזמנים" מיינען מיר די גאַנצע צייט וואָס ליגט צווישען דעם

חורבן בית ראשון און דעם מאָמענט, ווען ישראל וועט אויסגעלייזט ווערען פֿון דעם היינטיגען גלות, די צייט אין וועלכער ישראל געפֿינט זיך אונטער דעם יאָך פֿון די אומות, ווען ישראל האָט קיין אייגענעם קעניג ניט פֿון בית דוד, און איז צווייט און צושפרייט אין דער גאַנצער וועלט און ירושלים און ציון זענען אין גוי׳שע הענד. די „בין־הזמנים" האָבען זיך אָנגעפֿאַנגען מיט דעם טויט פֿון דעם לעצטען קעניג פֿון בית דוד, און זיי וועלען זיך ענדיגען, ווען משיח בן דוד וועט הערשען אין ציון און פֿון ציון איבער די גאַנצע וועלט.

די נבואה אין פסוק ד׳ בעשרייבט אַלזאָ דעם מעמד פֿון ישראל אין גלות. דערין זענען איינס אַלע אידישע בעלי מפרשים. שוין דער תרגום פֿון יונתן בן עוזיאל איבערזעצט דעם פסוק אַזוי:

אֲרֵי יוֹמִין סַגִיאִין יֶתְבוּן בְּנֵי יִשְׂרָאֵל לֵית מַלְכָּא
מִדְּבֵית דָּוִד וְלֵית דְּעָבִיד שׁוּלְטָן עַל יִשְׂרָאֵל וְלֵית
דְּדָבַח לְרַעֲוָא בִּירוּשְׁלֵם וְלֵית קָמְתָא בְּשָׁמְרוֹן
וְלֵית אֵפוֹד וּמְחַוֵּי.

ד. ה. וואָרום אַ סך טעג וועלען די בני ישראל זיטצען אָהן אַ קעניג פֿונ׳ם בית דוד, און אָהן איינעם וואָס הערשט אָהן אַ רעכט איבער ישראל, אָהן מקריב צו זיין לרצון אין ירושלים און אָהן אַ מצבה אין שומרון, אָהן אַנ׳אפוד און אָהן אָראַקעל־מיטעל, ד. ה. אַזעלכע מיטעל וואָס די יידען געברויכען צו בעקומען אַנ׳ענטפֿער פֿון זייערע געטער (פֿערגלייך מדרש תנחומא פ׳ ויצא און פרקי דר׳ אליעזר קאַפּ. לו). ר׳ אברהם אבן עזרא זאָגט: כי ימים רבים, אין מלך. ואין טענה מן החשמונאים, כי אינם מבני יהודה. אין זבח — לשם, ולא מצבה — לבעל, אין אפוד — להשם ואין תרפים — לעכו"ם. דאָס הייסט: אַסך טעג — אָהן אַ קעניג. און עס איז קיין קשיא ניט פֿון די חשמונאים (וועלכע האָבען יאָ געקעניגט אין ישראל), וואָרום זיי האָבען ניט געשטאַמט פֿון שבט יהודה (און זענען בכן קיינע ריכטיגע קעניגע ניט געוועזען). אָהן קרבנות — צו גאָט און אָהן אַ מצבה פֿאַר בעל, אָהן אַנ׳אפוד פֿאַר גאָט און אָהן תרפים פֿאַר געטצען. נאָך דייטליכער דריקט זיך אויס ר׳ דוד קמחי (רד"ק): „כי ימים רבים ישבו בני ישראל". ואלה הם ימי הגלות שאנחנו בו היום ואין לנו מלך ולא שר מישראל, כי ברשות הגוים אנחנו וברשות

מלכיהם ושריהם. „ואין זבח ואין מצבה". אין זבח לאל ואין מצבה לע"ז. „ואין אפוד ותרפים". אין אפוד לאל שיהיה מגיד העתידות כאורים ותומים ואין תרפים לע"ז, שהם מגידים העתידות לדעת המאמינים בהם, וכן אנחנו היום בזה הגלות כל בני ישראל". דאָס הייסט: דען אַסך טעג וועלען זיטצען די קינדער ישראל: און דאָס זיינען די טעג פֿון דעם גלות אין וועלכען מיר געפֿינען אונז היינט, און האָבען ניט קיין קעניג און ניט קיין פֿירשט פֿון ישראל, וואָרום מיר זענען אונטער דער מאַכט פֿון די גוים און אונטער דער מאַכט פֿון זייערע קעניגע און פֿירשטען. און אָהן אַ קרבן און אָהן אַ מצבה, ד. ה. אָהן א קרבן פֿאַר גאָט און אָהן אַ מצבה פֿאַר דער עבודה זרה. און אָהן אפוד און תרפים, ד. ה. אָהן אַ אפוד צו גאָט, ער זאָל אונז אָנזאָגען וואָס שפּעטער וועט זיין ווי די אורים און תומים האָבען דאָס געטהאָן, און אָהן תרפים צו דער עבודה זרה וועלכע זאָגען אָן וואָס וועט זיין, לויט דער מיינונג פֿון די וואָס גלויבען דערין, און אין אַזאַ מעמד געפֿינען מיר אונז אין דעם איצטיגען גלות, מיר כל ישראל.

די ווערטליכע נבואה פֿאַנגט זיך אָן מיט „כי ימים רבים ישבו בני ישראל". „ימים רבים" הייסט אַ לאַנגע, ניט-בעגרעניצטע צייט וואָס שליסט איין אין זיך טעג און יאָהרען, יאָהרהונדערטע און אויך יאָהרטויזענדע, און דאָס ערשטע וואָס די דאָזיגע וואונדערבאַרע נבואה וויל אונז אָנזאָגען איז, דאָס ישראל וועט אַ לאַנגע צייט, וואָס איהר לענג איז גאָר אונמעגליך צו מעסטען, „זיטצען", ד. ה. פֿערבלייבען, ניט אויפֿהערען צו האָבען אַ קיום אין דער וועלט. די נבואה זאָגט פֿאָראויס בפירוש די עביגקייט פֿון דער יודישער אומה. ישראל איז אַנ'עם עולם, און קיין אומה און קיין פֿאָלק אין דער גאַנצער וועלט וועט ניט האָבען די מאַכט ישראל צו פֿערטיליגען. דער בעריהמטער לאָרד ביקאָנספֿיעלד שרייבט וועגען דעם די פֿאָלגענדע זעהר וואַהרע ווערטער:

„די וועלט האָט שוין ביי דער איצטיגער צייט איינגעזעהן דאָס עס איז גאָר אונמעגליך צו פֿערטיליגען די יודען. דער פֿערזוך זיי אויסצוואָרצלען איז געמאַכט געוואָרען אונטער די גינסטיגסטע פֿערהעלטניסע און גאָר אויף אַ גרויסאַרטיגען אופֿן; די בעסטע מיטלען וואָס מענשען קענען נאָר אויסקלעהרען האָט מען מיט דער גרעסטער עקשנות אָנגעווענדעט אין אַ משך פֿון יאָהרען, וואָס בילדעט די לענגסטע פעריאָדע אין דער וועלט-געשיכטע, נאָר כדי צו דערגרייכען דעם דאָזיגען ציעל. די פרעה'ס פֿון מצרים, די מלכים פֿון אשור, די קסרים פֿון רוים, סקאַנדינאַווישע קרייץ-פֿאָהרער (נוסעי הצלב), גאָטהישע פרינצען און די הייליגע

אינקוויזיטאָרען, זיי אַלע האָבען מיט דעמזעלבען אימפּעט אָנגעווענדעט זייער ענערגיע צו דערגרייכען דעם פון זיי אַלעמען גלייך געווינשטען ציעל. פערטריבען פון זייער לאַנד, פערטריבען אין גלות, געהאַלטען אין גע־פאַנגענשאַפט, זייער פערמעגען קאָנפיסקירט, געפייניגט אויף דעם קלינגס־טען איפן, אויסגעקוילעט גאָר אָהן אַ צאָהל, דערצו נאָך אַנ'אייגענטימ-ליכע סיסטעם פון גזירות און געזעטצע, וואָס זייער צוועק איז געוועזען די יודען צו דערנידעריגען און מבוזה צו מאַכען אין זייערע אייגענע און אין אַנדערעס אויגען, גזירות, וואָס וואָלטען שוין לאַנג צערבראָכען דאָס הערץ פון אַנ'אַנדער פאָלק, אָבער דאָס אַלעס האָט צום געווינשטען ציעל ניט געפיהרט. נאָך אַלע די דאָזיגע חורבנות זענען די יודען היינט געוויס צאָהלרייכער איידער אין שלמה המלך'ס צייטען, זיי געפינען זיך אין אַלע לענדער און, צום אומגליק, גליקט עס זיי כמעט אומעטום. דאָס אַלעס בעווייזט קלאָהר און דייטליך, דאָס דער מענש האָט קיין שום אויסזיכט ניט צו געווינען, ווען ער פערזוכט געהן אַנטקעגען דעם שטרענגען געזעטץ פון דער נאַטור, וועלכע האָט איין מאָל בעשטימט, דאָס אַ הויכערע ראַסע זאָל קיין מאָל ניט ווערען פערטיליגט אָדער אויפגעזויגען פון אַ נידעריגערע".

יאָ, אַ וואונדער איז דאָס, אָבער ניט אַ נאַטור־וואונדער, נייערט אַ וואונדער פון גאָט. האָט ער איין מאָל געזאָגט: „ימים רבים ישבו בני ישראל", איז קיין מאַכט אין דער וועלט ניט אומשטאַנד זיי צו פערטילי־גען. גאָט האָט ישראל געגעבען דעם נאָמען „עם עולם" (ישעי' מד, ז), און דאָס איז די סבה פאַר וואָס ישראל בלייבט ביים לעבען, אויך דעמאָלט ווען זיינע שונאים צווינגען איהם צו געהן אין פייער און וואַסער. דערפאַר שטעהט ישראל אין דער גאַנצער וועלט אַלס דאָס גרעסטע וואונדער פון גאָט'ס השגחה.

דאָס וואונדער פון ישראל'ס אייביגען קיום פערגרעסערט זיך נאָך, ווען מ'בעטראַכט אויף וואָס פאַר אַנ'אופן ישראל עקסיסטירט אין דער וועלט. זעקס ווערטער געברויכט דער נביא צו בעשרייבען דעם אופן, ווי ישראל וועט פערברייגנען זיינע „בין־הזמנים", און די דאָזיגע זעקס ווער־טער מאָלען אַ גענויעס בילד פון ישראל'ס צושטאַנד אין גלות פונ'ם חורבן בית ראשון אָן. איבער די זעקס ווערטער וואָלט מען קענען אָנשרייבען אַ גראָבען ספר, אַזוי וויכטיג און טיעף איז זייער טהעמע.

די דאָזיגע זעקס ווערטער זענען איינגעטיילט אין דריי פּאָרען, ריכ־טיגער, אין דריי פאַר קאָנטראַסטען, וועלכע בעשרייבען דעם חאַראַקטער פון ישראל'ס „בין־הזמנים". איבער דאָס גאַנצע קען מען זעטצען אַלס

מאָטטאָ די ווערטער: „לֹא הָא וְלֹא הָא", ניט דאָס און ניט יענס. די דריי פּאָרען זענען:

א. אין מלך ואין שר

ב. אין זבח ואין מצבה

ג. אין אפוד ותרפים.

מיר וועלען בעטראַכטען איטליכס פּאָר בעזונדער.

---

# א.

# אֵין מֶלֶךְ וְאֵין שָׂר.

אָהן אַ קעניג און אָהן אַ האַר, ד. ה. אָהן אַ קעניג בעשטימט פון גאָט און אָהן אַ האַר, וועלכען זיי האָבען אַליין פאַר זיך אויסגעקליבען. בעת הושע האָט די דאָזיגע נבואה אויסגעשפּראָכען, האָט ער שוין כמעט געקאָנט הערען דעם גערויש פון די טריט פון אשור'ס חיל, וואָס איז שוין געוועזען אויפ'ן וועג די מלוכה פון די עשרת השבטים צו צערשטערען. הושע האָט אָנגעפאַנגען נביאות צו זאָגען אין דער צייט פון ירבעם דעם צווייטען און ער האָט נאָך געלעבט אין דער צייט פון הושע בן אלה, דעם לעצטען קעניג פון די צעהן שבטים, ד. ה. ער האָט נביאות געזאָגט אַנ'ערך פון זעכציג יאָהר. דער נביא האָט מן הסתם נאָך דערלעבט די דערפילונג פון זיין נבואה, דאָס שומרון וועט חרוב און ישראל פערטריבען ווערען אין גלות. דאָך געהט הושע'ס נבואה ניט אייף די צעהן שבטים אַליין, וואָרום די ווערטער „בני ישראל" זענען אין זיך כולל דאָס גאַנצע פאָלק ישראל, ד. ה. אַלע די וועלכע שטאַמען אָב פון דעם מאַן, וועלכען גאָט ב"ה אַליין האָט אַ נאָמען געגעבען ישראל, סיי מלכות אפרים סיי מלכות יהודה.

די מעהרצאָהל פון די נביאים האָט געשטאַמט פון ירושלים, דעם מרכז הנבואה, און ווען די נביאים רעדען וועגען דער צוקונפט פונ'ם פאָלק

ישראל, איבערזועהען זיי גאָר אין גאַנצען די טיילונג פֿון ישראל אין צוויי מלוכות, וואָרום די דאָזיגע טיילונג האָט נאָר געזאָלט דויערן אַ געוויסע צייט, אַלס אַ שטראָף פֿאַר די זינד פֿון מלכות בית דוד. מיר ווייסען דאָס שמרון איז אין גאַנצען חרוב געוואָרען אין דעם יאָהר 721 פֿאַר אונזער צייט־רעכענונג, און דענסמאָל האָט די מלוכה פֿון די צעהן שבטים אויפֿגעהערט אויף עביג. ווען דאָס מלכות ישראל וועט ווידער אויפֿגעריכט ווערען, וועט גאָט ב״ה, אַזוי זענען אונז די נביאים מבטיח, די ביידע מלוכות פֿעראייניגען צו אַ איין־איינציגע מלוכה: ועשיתי אותם לגוי אחד בארץ בהרי ישראל, ומלך אחד יהיה לכלם למלך, ולא יהיו עוד לשני גוים ולא יחצו עוד לשתי ממלכות עוד. און איך וועל זיי מאַכען צו איין פֿאָלק אין לאַנד, אויף די בערג פֿון ישראל, און איין קעניג וועט איבער זיי אַלעמען קעניגען, און זיי וועלען מעהר ניט זיין צוויי פֿעלקער, און זיי וועלען זיך מעהר ניט צוטיילען אין צוויי מלוכות (יחזקאל לז, כב). דער קעניג וועלכער וועט אַליין איבער כל ישראל הערשען, איז דער אמת׳ער דוד, דער גרעסטער בן־דוד, וועלכער וועט אויפֿריכטען די „סכת דוד הנפלת" און פֿערמויערן די גרויסע לעכער, וואָס זענען ענטשטאַנען דורך דעם וואָס די צעהן שבטים האָבען זיך אָבגעריסען פֿון מלכות בית דוד.

נאָכ׳ן חורבן פֿון מלכות אפרים האָט מלכות יהודה נאָך אַ קיום געהאַט אַנ׳ערך פֿון 130 יאָהר. נאָך דיזער צייט אָבער איז געקומען נבוכדנצר און האָט אַרויסגעריסען דעם „שבט", דעם צעפּטער, פֿון יהודה׳ס האַנד. פֿון דער צייט אָן האָט זיך אָנגעפֿאַנגען ישראל׳ס לאַנגער גלות און די הערשאַפֿט פֿון די גוים איבער ישראל.

איידער מיר געהען ווייטער, ווילען מיר דעם לעזער אויפֿמערקזאַם מאַכען אויף אַנ׳אַנדערע מערקווערדיגע נבואה, וואָס שטעהט אין אַנ׳ענגער שייכות צו אונזער ענין. די דאָזיגע נבואה איז אַ גרויסע ראיה, דאָס אַלע נבואות האָבען זייער לעצטען מקור אין דעם אַלוויסענדען גאָט, וועלכער אַליין ווייס „מראש ועד סוף", וואָס מיט איין בליק נעהמט ער אַרום אַלע צייטען און אַלע עביגקייטען, און אָנפֿאַנג און סוף זענען ביי איהם איינס און דאָסזעלבע, וואָרום ביים אָנהייב שטעהט שוין דער סוף מיט אַלע זיינע פּרטים פֿאַר זיינע אויגען. בערך אין דער צייט, ווען דער חורבן האָט שוין געוואָרפֿען זיינע שוואַרצע שאָטענס איבער מלכית יהודה, אין דער צייט פֿון יהודה׳ס לעצטען קעניג, איז אַנ׳אַנדער נביא געשיקט געוואָרען פֿון גאָט מיט אַ נבואה פֿול מיט סודות און רמזים. זי געפֿינט זיך אין יחזקאל כ״א, לא—לב:

כֹּה אָמַר אֲדֹנָי יֱהֹוִה הָסִיר הַמִּצְנֶפֶת וְהָרִים הָעֲטָרָה זֹאת לֹא־זֹאת הַשָּׁפָלָה הַגְבֵּהַ וְהַגָּבֹהַ הַשְׁפִּיל׃ עַוָּה עַוָּה עַוָּה אֲשִׂימֶנָּה גַּם־זֹאת לֹא הָיָה עַד־בֹּא אֲשֶׁר לוֹ הַמִּשְׁפָּט וּנְתַתִּיו׃

אַזוי זאָגט גאָט דער האַר: אַוועק מיט דער מצנפת (קאָפּציערונג), אַראָב מיט דער קרוין! דיעס איז ניט מעהר דיעס. דאָס נידעריגע ווערט דערהויכט, און דאָס הויכע דערנידעריגט. צו טרימערן (חורבות) צו טריי־מערן, צו טרימערן וויל איך עס מאַכען (ד. ה. דאָס לאַנד), אויך דיעס זאָל מעהר ניט זיין, ביז ער קומט וואָס צו איהם געהערט דאָס רעכט, און איהם וויל איך דאָס געבען. — די נבואה געהט אויף צדקיהו, דעם לעצ־טען קעניג פון יהודה. מ'זאָל אַוועקנעהמען פון איהם די מ צ נ פ ת, אַרונטעררייסען פון איהם די קרוין, וואָרום ער איז אוים מלך. זאת לא זאת, דאָס איצטיגע מלכות יהודה איז ניט די ריכטיגע מלוכה, ניט די מלוכה פון ימות המשיח, וואָרום יענע מלוכה וועט זיין אַנ'עביגע, די איצ־טיגע מלוכה אָבער וועט בטל ווערען. השפלה הגבה והגבה השפיל, נאָכ'ן חורבן וועט אַ ריכטיגע מהפכה, אַנ'איבערקעהרעניס, איינטרעטען, אַנ'עולם הפוך, וואו דאָס הויכע ווערט דערנידעריגט און דאָס נידעריגע דערהויכט (פערגלייך ישעי' ג, א־ה). עוה עוה אשימנה, וואָס זיי וועלען נאָר זעטצען אויף דעם באַרג ציון אָנשטאָט פון מלכות בית דוד וועל איך גרינדליך צערשטערען און צערטרימערן. גם זאת לא היה, דאָס וואָס איז נאָך איבעריג געבליבען פון מלכות יהודה וועט אויך מעהר ניט זיין. ביז ער וועט קומען „א ש ר ל ו ה מ ש פ ט, וועלכער אַליין האָט אַ רעכט צו זיצען אויף דעם כסא דוד און צו קעניגען איבער דעם מלכות ישראל, גע־מיינט איז קיין אַנדערער ווי מ ש י ח צ ד ק נ ו, ונתתיו — איהם וועל איך דאָס געבען, ד. ה. די קרוין און די מלוכה. די קעניגע וואָס זענען ביזהער געזעסען אויף דעם כסא דוד זענען געוועזען ניט מעהר ווי אוסור־פּאַטאָרען, וועלכע האָבען מיט געוואַלט די מלוכה צו זיך געריסען, זיי האָבען אויף איהר קיין שום רעכט ניט געהאַט, ווייל זיי זענען ניט גע־גאַנגען „בדרכי דוד" אין דוד המלך'ס וועגען. איינער וועט אָבער קומען „אשר לו המשפט", וואָרום ער וועט זיין דער אמת'ער בן דוד, וועלכער וועט תמיד געהן „בדרכי דוד אביו". איהם וועט גאָט ב"ה די מלוכה פון בית דוד שענקען, אָבער ביז ער וועט קומען וועט דאָס מלכות בית דוד בטל זיין, און ווען מ'וועט יאָ פּערזוכען זי אויפצוריכטען, וועט גאָט זי צערטרימערן — עוה עוה אשימנה. און אַזוי ווי גאָט ב"ה האָט גע־

שפּראַכען דורך זיין נביא אַזוי איז עס אויך געשעהן. הונדערטער פון יאָה־רען זענען פערגאַנגען זינט יחזקאל האָט די דאָזיגע נבואה געזאָגט, אָבער דער „כסא דוד" איז ניט אויפגעריכט געוואָרען, און קיינער פון בית דוד האָט אין דער דאָזיגער לאַנגער צייט ניט געקעניגט אויף דעם באַרג ציון.

דער וואָס איז בעקאַנט מיט דער געשיכטע פון אונזער פאָלק וועט אפשר פרעגען: מיר האָבען דאָך אָבער אויך געהאַט מלכים אין דער צייט פון בית שני, ווי למשל די מלכים פון בית החשמונאים און פון בית הורדוס? דאָס איז אמת, אָבער דיזער פאַקט איז גאָר ניט סותר די רייד פון דעם נביא, פערקעהרט, ער בעפעסטיגט זיי. דאָס מענשען, וואָס האָבען קיין שייכות ניט געהאַט צום בית דוד, האָבען געקאָנט זיטצען אויף דעם כסא דוד, איז אַ בעווייז, אַז די מהפכה, די איבערקעהרענים, וואָס יחזקאל האָט וועגען איהר נביאות געזאָגט, איז ווירקליך איינגעטרעטען. מענשען, וואָס האָבען קיין רעכט ניט געהאַט אויף דעם כסא דוד צו זיט־צען, האָבען די מלוכה צו זיך געריסען, האָבען דערנאָך זייערע אייגענע ברידער געטויטעט און פיל בלוט אין ישראל פערגאָסען, כדי די מלוכה, וואָס האָט גאָר ניט געהערט צו זיי, פאַר זיך צו בעהאַלטען. די חשמונאים זענען גאָר געוועזען כהנים, און ווען אפילו גרויסע גבורים, וואָס האָבען זיך מוסר נפש געוועזען פאַר זייער פאָלק, פאַר זיין אמונה און פרייהייט, האָט זיי דאָס דאָך קיין רעכט נישט געגעבען קעניגע אין ישראל צו זיין, וואָרום גאָט האָט איינמאָל פאַר אַלע מאָל די מלוכה דורך אַ שבועה דעם בית דוד אַלס אַ „ירושת עולם" צוגעזאָגט. און וואָס בעלאַנגט הירדוס׳ן, ווייסען מיר אַלע, דאָס ער האָט נאָך וועניגער רעכט געהאַט צו זיטצען אויף דעם כסא דוד.

ג ם ז א ת ל א ה י ה, ע ד ב א א ש ר ל ו ה מ ש פ ט — ו נ ת ת י ו. ווער איז ער, פון וועמען דער נביא זאָגט: ל ו ה מ ש פ ט? ווער איז דער געזעטצליכער קעניג פון ישראל? מיר האָבען שוין אויבען געזאָגט, דאָס דערמיט איז געמיינט מ ש י ח צ ד ק נ ו, דער אמת׳ער בן־דוד, וועלכער וועט געהן „בדרכי דוד אביו" אין די וועגען פון דוד זיין פאָטער. דערמיט האָבען מיר אָבער דעם גאַנצען ענין נאָך ניט ערקלעהרט. לויט דער תורה איז גאָט ב"ה גופא ישראל׳ס קעניג, און ישראל האָט ער אויסדערוועהלט און בעשטימט צו זיין אַ פאָלק, וואָס לאָזט זיך רעגירען און פיהרען אַליין פון גאָט זיין קעניג. מיט אַנדערע ווערטער: ישראל איז אַ פאָלק, וואָס האָט געזאָלט אויף זיך נעהמען און עביג טראָגען דעם עול מלכות שמים. וואָס „מלכות שמים" וויל זאָגען, קענען מיר זעהן ביי ישעיה הנביא, וועלכער לאָזט די „גאולי ה׳" אַזוי זאָגען: כ י יהוה ש פ ט נ ו,

יהוה מחקקנו, יהוה מלכנו, הוא יושיענו (לג, כב), וואָרום גאָט איז אונזער ריכטער, גאָט אונזער געזעטצגעבער, גאָט אונזער קעניג, ער וועט אונז רעטען. אין שמואל'ס צייטען, בעת דאָס פֿאָלק האָט פֿערלאַנגט דער נביא זאָל זיי געבען אַ מלך, כדי זיי זאָלען גלייך זיין צו אַלע אַנדערע אומות, האָט גאָט צום נביא געזאָגט: לא אתך מאסו כי אתי מאסו ממלך עליהם, ניט דיך האָבען זיי פֿערוואָרפֿען נייערט מיך גופא האָבען זיי פֿערוואָרפֿען, איך זאָל איבער זיי ניט קעניגען (שמוא' ח, ז). אַ קעניג האָבען זיי פֿערלאַנגט און אַ קעניג האָבען זיי בעקומען, אָבער פֿון איהם זאָגט דער פסוק: אתן לך מלך באפי ואקח בעברתי, אַ קעניג גיב איך דיר אין מיין צאָרן און נעהם איהם אַוועק אין מיין גרימצאָרן (הושע יג, יא). בעת מ'האָט אויסגעקליבען שאול'ן פֿאַר אַ קעניג האָט מען אין ישראל געוויס געמיינט, דאָס אַ מענש ווי שאול מיט זיין גבורה און זיין מוטה פאַסט טאַקי צו זיין אַ קעניג אין ישראל, אָבער ווי האָט זיך דער סוף אויסגעלאָזען? שאול האָט מעגליכקייט געהאַט צו רעגירען און הערשען אַזוי גוט ווי ער האָט נאָר פֿערמאָגט, און דאָך איז זיין מלוכה געוועזען ניט מעהר ווי אַנ'אומגליק פֿאַר ישראל. דערפֿון קען איטליכער לערנען דאָס אפילו די בעסטע מלוכה פֿון אַ בשר ודם, דאָס בעסטע קעניגען און הערשען פֿון אַ מענשען, איז גאָר ניט צו פֿערגלייכען מיט דעם קיניגען פֿון גאָט ב"ה גופא, מיט מלכות שמים. נאָך פֿאַר שאול'ס טויט האָט גאָט ב"ה אַליין אויסגעקליבען אַ קעניג פֿאַר ישראל, דוד'ן, און דאָס בית דוד האָט ער בעשטימט צו זיין די איינציגע קעניגליכע פֿאַמיליע פֿאַר אַלע דורות, אַזוי דאָס נור די וואָס שטאַמען אָב פֿונ'ם בית דוד האָבען אַ רעכט צו זיטצען אויף דוד'ס טהראָן. אָבער וואָס פֿאַר אַ כוונה האָט גאָט פֿערקניפּט מיט דעם אויסקלייבען פֿון בית דוד? מיר ווייסען דאָס ער האָט דאָס געטאָן נאָר דערפֿאַר, ווייל ער האָט געוואוסט דאָס אין די אחרית הימים וועט אויפֿשטעהן אַ בן־דוד, וועלכער וועט קיניגען אין איבעראיינשטימונג מיט גאָט'ס רצון, אַ מלך, וואָס זיין מלוכה וועט האָבען ניט דעם חאַראַקטער פֿון אַ מלכות בשר ודם נייערט דעם חאַראַקטער פֿון מלכות שמים. און ניט קוקענדיג אויף דעם וואָס ער קומט אַרויס פֿון בית דוד, גיט איהם גאָט אַ טיטעל, וואָס קיין מענש פֿאַר אָדער נאָך איהם האָט ניט געטראָגען. גאָט ב"ה רופֿט איהם „יהוה צדקנו" (ירמיהו כג, ה, ו) „פלא יועץ, אל גבור, אבי עד, שר שלום" (ישעי' ט, ה). איינציג און אַליין פֿון זיינעטוועגען האָט גאָט אויסגעקליבען דאָס בית דוד. די קעניגע וואָס האָבען געקיניגט אין ישראל פֿאַר איהם זענען נור געוועזען שאָטענס פֿון איהם, ער אַליין איז דער עיקר,

די קרוין פֿון בית דוד, דער תכלית, אויף וועמען די גאַנצע געשיכטע ישראל׳ס האָט געציעלט, און פֿון וועמען מיר זאָגען נאָך עד היום:

## דוד מלך ישראל חי וקים.

אַלע מלכים אין ישראל ווערען אין די כתבי הקדש גערעכענט פֿאַר גאָט׳ס רעפּרעזענטאַנטען. אין חינאַ האָט איטליכער גובערנאַטאָר (גובערנער) פֿריהער געהייסען וויצע־קעניג, ווייל ער האָט פֿערטרעטען און רעפּרעזענטירט דעם קעניג פֿון גאַנץ חינאַ און זיין פּראָווינץ. אַזוי הייסט אויך דער רעפּרעזענטאַנט פֿון דעם ענגלישען קעניג אין אינדיען. ער הייסט דאָרט Viceroy וואָס איז דאָסזעלבע ווי וויצע-קעניג דיזעלבע פֿאָרשטע-לונג געפֿינט זיך אויך אין די כתבי הקדש, פֿון שלמה המלך זאָגט דער פּסוק: וישב שלמה על כסא ה׳ למלך תחת דוד אביו, און שלמה האָט זיך געזעצט אויף גאָט׳ס שטוהל צו קינינגען אָנשטאָט פֿון דוד זיין פֿאָטער (דה״א כט, כג). דער טהראָן האָט געהערט צו גאָט, און שלמה און זיינע נאָכפֿאָלגער האָבען אויף איהם געזאָלט זיטצען ביז דער אמת׳ער רעפּרע־זענטאַנט פֿון גאָט, משיח צדקנו, קומט, אשר לו המשפט.

איצט בעגרייפֿען מיר אויך פֿאַר וואָס די נביאים, אויך אין דער צייט ווען ישראל האָט נאָך געהאַט קעניגע און נאָך געוואָהנט אין ארץ ישראל, האָבען ניט אויפֿגעהערט צו רעדען וועגען אַנ׳אַנדער קעניג, וועלכער האָט געזאָלט קומען אין די „אחרית הימים״. ויצא חטר מגזע ישי ונצר משרשיו יפרה. און אַ צווייג וועט אַרויסגעהן פֿון ישי׳ס שטאַם און אַ שעסלינג פֿון זיינע וואָרצלען וועט פּירות טראָגען, זאָגט ישעי׳ הנביא (יא, א). און ירמיה הנביא זאָגט: הנה ימים באים נאם יהוה והקימתי לדוד צמח צדיק ומלך מלך והשכיל ועשה משפט וצדקה בארץ, בימיו תושע יהודה וישראל ישכן לבטח, וזה שמו אשר יקראו: **יהוה צדקנו.** זעה, טעג וועלען קומען, זאָגט גאָט. ווען איך וועל צו דוד׳ן דערוועקען אַ גערעכטען שפּראָץ און ער וועט קיניגען אַלס אַ קעניג און ער וועט האָבען ערפֿאָלג און טהון רעכט און גערעכטיגקייט אינ׳ם לאַנד. אין זיינע טעג וועט יהודה געהאָלפֿען ווערען און ישראל וועט זיכער וואָהנען, און דאָס וועט זיין זיין נאָמען, וואָס מ׳וועט איהם אָנרופֿען: יהוה איז אונ־זערע גערעכטיגקייט (כג ה, ו). הייגט פֿרעגען מיר, צו וואָס אַ נייער קעניג? האָט ישראל אפשר דענסטמאָל קיינע מלכים ניט געהאַט? יאָ, אָבער יענע מלכים זענען נאָר געוועזען שאָטען-קעניגע, וועלכע האָבען נאָר געזאָלט אויספֿילען די צייט ביז דער מלך המשיח, דער אמת׳ער קע־ניג, וועט נגלה ווערען, אשר לו המשפט. צו איהם אַליין געהערט דאָס

רעכט צו זיטצען אויף דעם „כסא יהוה", ווייל נאָר דורך איהם קען גאָט קיניגען איבער ישראל ווי דורך זיך גופא. גאָט קען זיך כביכול אויף איהם גאַנץ פֿערלאָזען, ווייל ער איז דער איינציגער פֿון אַלע מלכים וועלבער האָט אַ פֿאָלקאָמענע ידיעה וועגען דעם רצון פֿון הקב"ה, און זיין איינציגער פֿערלאַנג איז שטענדיג גאַנץ דעם רצון פֿון גאָט צו טהון. אויך איז ער פֿול מיט רוח הקדש און כח מן השמים דעם ווילען פֿון גאָט אויסצופֿיהרען אין דער וועלט. פֿאָלקאָמענע האַרמאָניע הערשט צווישען איהם און גאָט, ער איז בדעה ובמחשבה אחת מיט גאָט, וואָס ער טהוט איז דער־פֿאַר פונקט אַזוי ווי גאָט ב"ה וואָלט דאָס אַליין געטהאָן. אָט מחמת דעם דאָזיגען טעם טראָגט ער גאָט'ס אייגענעם נאָמען: יהוה צדקנו. דאָס איז אויך דער טעם, פֿאַר וואָס די נביאים רעדען אָפֿט פֿון דער „התגלות המשיח" ווי פֿון דער „התגלות אלהים" גופא. אין זכריה ב, י"ד, ט"ו הייסט עס: רני ושמחי בת ציון, כי הנני בא ושכנתי בתוכך, נאם יהוה. ונלוו גוים רבים אל יהוה ביום ההוא והיו לי לעם. זינג און זיי פֿריילעך, דו טאָכטער ציון, דען איך קום און וועל ביי דיר וואוינען, זאָגט גאָט. און פֿיעלע פֿעלקער וועלען זיך אָנשליסען צו גאָט אין יענעם טאָג און זיי וועלען מיין פֿאָלק זיין. — אָבער כמעט מיט די זעלבע ווערטער בעשרייבט דער נביא דאָס קומען פֿון משיח צדקנו צו ישראל: גילי מאד בת ציון, הריעי בת ירושלים, הנה מלכך יבא לך, צדיק ונושע הוא... ודבר שלום לגוים ומשלו מים עד ים ומנהר עד אפסי ארץ. זיי מלא שמחה, דו טאָכטער ציון, יובצע דו טאָכטער ירושלים! זעה דיין קעניג קומט צו דיר, אַ צדיק איז ער און פֿול מיט ישועה... און ער וועט שלום רעדען צו די גוים און הערשען וועט ער פֿון איין ים ביז צום אַנדערן, און פֿון דעם שטראָם (פרת) ביז צו די ענדען פֿון דער ערד (זכריה ט, ט. י). גאָט קומט צו ציון, און פֿיעלע פֿעלקער בעהעפֿטען זיך צו גאָט און זיי ווערען גאָט'ס פֿאָלק. משיח קומט צו ציון, איהר קעניג קומט צו ירושלים, און ער הערשט איבער די גאַנצע וועלט, איבער אַלע פֿעלקער און נאַציאָנען. מ'שפּירט אַז דאָ ווערט גערעדט פֿון איין און דער־זעלבער זאַך. גאָט קומט צו דער בת ציון, אָבער ער קומט דורך דעם מלך המשיח, איבער ציון און איבער אַלע מענשען צו קיניגען און צו הערשען.

אין דער פֿון גאָט ב"ה בעשטימטער צייט איז איינער נגלה געוואָרען, אין וועלכען דאָס אידעאַל פֿון אַ קעניג איז פֿערווירקליכט געוואָרען. נאָך פֿאַר זיין געבורט האָט מען מן השמים זיין מוטער מודיע געווען און

אָנגעזאָגט: הנך הרה וילדת בן וקראת את שמו ישוע. והוא גדול יהיה ובן־עליון יקרא, ויהוה אלהים יתן לו את כסא דוד אביו. זעה דו וועסט שוואַנגער ווערען און אַ זוהן געבערען און איהם זאָלסטו אַ נאָמען געבען: ישוע. און גרויס וועט ער זיין, דעם הויכסטען׳ס זוהן — אַזוי וועט מען איהם רופֿען, און גאָט דער האַר וועט איהם געבען דעם טהראָן פֿון דוד זיין פֿאָטער. וימלך על בית יעקב לעולם ועד ולמלכותו אין קץ. און ער וועט קעניגען איבער דאָס הויז פֿון יעקב אויף עביג, און זיין מלוכה וועט גאָר קיין סוף ניט האָבען. (עוואַנגעליום לוקס א, לא—לג). ער איז דער אמת׳ער בן דוד, וואָס אויף זיין קומען האָבען אַלע דורות געוואַרט און געהאָפֿט. ער איז דער אמת׳ער יורש פֿון דעם כסא דוד, ניט אַליין דערפֿאַר וואָס ער שטאַמט אָב פֿונ׳ם בית דוד, נייערט אין גאַנץ בעזונדערס דערפֿאַר וואָס ער איז איין אמת׳ער בן עליון, צו וועמען גאָט ב"ה זאָגט: בני אתה, היום ילדתיך. מיין זוהן ביסטו, היינט האָב איך דיך געבוירען (תהל׳ ב). גרויסע צדיקים אין ישראל, וואָס גאָט האָט זיי דורכ׳ן רוח הקדש געעפֿענט די אויגען פֿון זייער נשמה, האָבען אין איהם געזעהן זהר כבודו של הקב"ה, דעם אָבגלאַנץ פֿון גאָט׳ס הימלישען כבוד „יצלם עצמותו", און דאָס בילד פֿון גאָט׳ס פֿערבאָרגענעם וועזען (אגרת אל העברים א, ג); אין איהם האָט זיך אונזערע הייליגע תורה נתלבש געוועזען און אויך אַלע גאָט׳ס מדות; און די שכינה, וועלכע האָט פֿריהער אין קדשי קדשים געוואוינט, האָט אין איהם געוואוינט, ווייל ער איז געוועזען בבחינת קדש קדשים, דער אמת׳ער בית המקדש, וועלכער קען קיין מאָל ניט חרוב ווערען.

אך, ליעבע ברידער, ווען אונזער פֿאָלק וואָלט אַכטונג געגעבען אויף די צייט, בעת גאָט האָט אונז בעזוכט מיט זיין גאולה; וואָלט אונזער פֿאָלק אין דעם קינד, וואָס איז געבוירען געוואָרען אין בית-לחם יהודה אין אַ פֿאַמיליע פֿון בית דוד, ניט קוקענדיג אויף זיינע אויסערע אָרעמקייט און נידעריגקייט, דערקאָנט דעם משיח, וועלכען גאָט האָט אונז מבטיח געוועזען דורך אַלע זיינע נביאים, וואָלטען די „ימים רבים" שוין דעמאָלט זיך געענדיגט און אונזער פֿאָלק וואָלט ניט בעדאַרפֿט אַרומבלאָנדזשען אינ׳ם „מדבר העמים" גאַנצע נייַנצעהן הונדערט יאָהר, וואַרטענדיג אויף דעם קומען פֿון משיח, נייערט עס וואָלט זיך שוין דעמאָלט געקאָנט פֿרייהען איבער דעם משיח און די גאולה שלמה וואָס ער האָט אונז געבראַכט. אָבער ווי זאָגט דער נביא: ישראל לא ידע, עמי לא התבונן. ישראל ווייס נישט, מיין פֿאָלק מערקט נישט. אָנשטאָט איהם צו הולדיגען

אַלע ווי איין מאַן, האָבען זיי גערופֿען: „לא את האיש הזה" — ניט דיעזען מענשען (יוחנן יח, לט, מ) — „מאסנו אותו האיש ממלך עלינו", מיר ווילען ניט דאָס דיזער מענש זאָל קיניגען איבער אונז (לוקס יט, יד). אין דער ערשטען צייט פֿון זיין ווירקען אין ישראל האָט ישוע דורך זיינע לעהרע און זיינע אותות ומופתים אַזאַ שטאַרקען רושם געמאַכט אויף אונזער פֿאָלק, דאָס זיי האָבען געוואָלט מיט געוואַלט איהם מאַכען פֿאַר אַ קעניג (יוחנן ו, טו). אָבער זייערע געדאַנקען און פֿאָרשטעלונגען וועגען משיח און די ימות המשיח זענען געוועזען גאָר אין גאַנצען פֿערשיידען פֿון ישוע׳ס פֿאָרשטעלונגען. זיי האָט זיך געלוסט אַ מלוכה, אַ ערדישע, גרויסע און מעכטיגע; ישוע האָט אויך גערעדט פֿון אַ מלוכה, אָבער פֿון אַ מלכות שמים, וואָס בעשטעהט ניט אין עסען און טרינקען, נייערט אין גערעכטיגקייט, פֿרידען און פֿרייד דורך דעם רוח הקדש (רומ׳ יד, יז.)* זיי האָבען פֿערלאַנגט דאָס משיח זאָל זיי קדם כל בעפֿרייען פֿון דער רוימישער מאַכט און הערשאַפֿט, ישוע אָבער האָט זיי געזאָגט, וואָס זיי דאַפֿען איז קדם כל אינערע פֿרייהייט, און אָט דיעזע פֿרייהייט איז ער געקומען זיי צו ברענגען: אם תעמדו בדברי באמת תלמידים אתם לי, וידעתם את האמת, והאמת תוציאכם לחרות. ווען איהר וועט פֿערבלייבען אין מיינע רייד וועט איהר מיינע אמת׳ע תלמידים זיין און איהר וועט דערקענען דעם אמת, און דער אמת וועט אייך פֿריי מאַכען (יוחנן ח, לא, לב). ווען זיי האָבען אָנגעהויבען צו מערקען דאָס ישוע וויל ניט דערפֿילען זייערע ערדישע ווינשען און האָפֿענונגען, זענען זיי זיינע געגנער געוואָרען און דער סוף איז געוועזען דאָס זיי האָבען איהם טאַקי געקרוינט אָבער מיט — אַ דאָרן־קרוין. זיי האָבען איהם איבערגעגעבען אין די הענד פֿון רוימישען שטאַטהאַלטער (גובערנער) פילאַטוס, און ווען דיזער גוי האָט מיט אַ בייזען געלעכטער אַ פֿרעג געטהאָן אונזערע אבות: „זאָל איך קרייציגען אייער קעניג?" האָבען זיי געשריען אויף אַ קול: אין לנו מלך כי אם־קיסר! מיר האָבען קיין אַנדער קעניג ניט ווי נאָר דעם קיסר (יוחנן יט, טו). פֿרייוויליג האָט זיך דענסטמאָל אונזער פֿאָלק געשטעלט אונטער דער מאַכט פֿון די גוים, און איצט לאָזט אונז גאָט פֿיהלען דעם טעם, ווי גוט עס איז צו זיין אין גוי׳שע הענד, כדי מיר זאָלען וויסען דעם גרויסען אונטערשייד צווישען דעם עול מלכות שמים און דעם עול הגוים, צווישען דעם לייכטען און זיסען יאָך וואָס ישוע האָט אונז איינגעלאַדען מיר זאָלען

---

*) מלכות אלהים איננה אכילה ושתיה, כי צדקה היא ושלום ושמחה ברוח הקדש

נעהמען אויף אונז (מתיא יא, כח, ל) און דעם שווערען און דריקענדען יאָך פֿון די אומות העולם. אָט דאָס איז די סבה וואַרום (יושבים בני ישראל אין מלך) די קינדער ישראל זיטצען אָהן א קעניג; און כל זמן מיר וועלען ניט אָבגעבען כבוד-מלכות צו איהם, וועלכען מיר האָבען ניט וויסענדיג פֿעראַכטעט און פֿערשפּאָטעט, וועלען מיר פֿערבלייבען אַזוי זיטצענדיג.

**ואין שר**. ישראל האָט ניט נור קיין קעניג ניט, נייערט אויך קיין שר ניט. איז מיט דעם קעניג געמיינט איינער, וועמען גאָט וועהלט אויס און מאַכט איהם צו מלך ישראל, אַזוי איז מיט דעם שר געמיינט איינער, וועמען ישראל גופא קלייבט אויס, גאָר אָהן גאָט צו פֿרעגען, און מאַכט איהם צום קעניג איבער זיך, וואָרום ווי מצבה און תרפים שטעהען אין געגענזאַטץ צו זבח און אפוד, אַזוי שטעהט אויך „שר" אין געגענזאַטץ צו „מלך". ישראל וועט זיין אין גלות צוזייעט און צושפּרייט איבער דער גאַנצער וועלט, און דאָס וועט פֿון זיי איטליכע מיגלעכקייט אַוועקנעהמען אויסצוקלייבען זיך אַ שר איבער זיך, ער זאָל קענען הערשען איבער כל ישראל. אין דעם משך פֿון אונזער לאַנגער גלות-צייט האָבען יחידים אין ישראל אָפֿט דערגרייכט זעהר הויכע שטעלונגען און פֿערנומען אַ וויכטיגען פּלאַטץ אין דער רעגירונג פֿון געוויסע ציוויליזירטע פֿעלקער; יודען זענען געוועזען פֿיהרער פֿון גרויסע פּאָליטישע פּאַרטייען, האָבען זאָגאַר פֿערנומען די שטעלע פֿון מיניסטערס און פרעמיער-מיניסטערס — אַ גדולה, וואָס קיינער וואָלט פֿריהער ניט געגלויבט דאָס אַ יוד זאָל קענען צו איהר דערגרייכען. דער כלל ישראל אָבער איז און פֿערבלייבט אונטער דער מאַכט פון די אומות העולם און עד היום איז ער ניט אומשטאַנד געוועזען זיך צו בעפֿרייען, שאַפֿען אַנ׳אייגענע מלוכה מיט אַ בן-ישראל אין איהר שפּיטץ. די נבואה „ואין שר" איז אַזוי פּינקטליך מקוים געוואָרען ווי די נבואה פֿון „אין מלך".

## א הוספה צום ערשטען קאפיטעל. (*)

# ישוע א בן־דוד.

עס איז גאָר קיין ספק ניט דאָס ישוע איז געוועזען אַ בן-דוד. דאָס איז אין יענער צייט געוועזען אַ מפורסם׳דיגע זאַך אין גאַנץ ישראל, און דער פֿאַקט איז אפילו פֿון זיינע געגנער קיין מאָל ניט בעשטריטען געוואָרען, וועניגסטענס אין גאַנצען תלמוד געפֿינט זיך אפילו דער גרינגס-

*) די הוספה שטאַמט כמעט אין גאַנצען פֿוג׳ם איבערזעטצער.

טער רמז ניט, דאָס אימעצער האָט געלייקענט דעם פאַקט, דאָס ישוע איז אַ בן־דוד. פֿון ברית-חדשה קען איטליכער זעהן, דאָס ישוע איז פֿון אַלע זיינע צייט־גענאָסען געהאַלטען געוואָרען פֿאַר אַ בן־דוד. בלינדע, וואָס זענען געזעסען ביי די וועגען און נדבות פֿערלאַנגט, ווען זיי הערען דאָס ישוע געהט פֿערביי מיט זיינע תלמידים, רופֿען צו איהם: חננו בן־דוד (מתי ט׳ כז), חננו נא אדונינו בן־דוד (שם כ, ל), ישוע בן־דוד חננו (לוקס יח, לח). אפילו אין די געגענדען פֿון צר און צדון, וואו נאָר גוים האָבען געוואָהנט, האָט מען אויך געוואוסט אַז ישוע איז אַ בן־דוד. דאַרום רופֿט די אשה כנענית צו איהם: חנני נא אדוני בן־דוד (מתי טו, כב). און ניט נור אין גליל, אין ירושלים אויך האָט מען דאָס געוואוסט. בעת ישוע האָט אַריינגעצויגען אין ירושלים ווי איין „עני רוכב על חמור" האָבען מאַסען מענשען גערופֿען: הושענה לבן־דוד (מתי כא, ט).

די משיחי׳שע בעוועגונג איז ענטשטאַנען אין ארץ ישראל. די ערשטע משיחי׳שע קהילה איז געגרינדעט געוואָרען אין ירושלים דעם ערשטען שבועות נאָך דעם טויט און דער אויפֿערשטעהונג פֿון ישוע, און די משיחי׳שע קהילה אין ירושלים איז די מוטער-קהילה פֿון אַלע קריסטליכע קהילות אין דער גאַנצער וועלט. איהרע מיטגלידער זיינען געוועזען לויטער יודען, זיי אַלע האָבען געגלויבט באמונה שלמה דאָס ישוע איז דער אמת׳ער משיח פֿון ישראל. היינט איז די פֿראַגע, ווי קען מען זיך פֿאָרשטעלען דאָס יודען אין ירושלים וועלען גלויבען אין אימעצען, דאָס ער איז משיח, ווען זיי וואָלטען ניט געוואוסט גאַנץ בעשטימט, דאָס ער שטאַמט אָב פֿון בית דוד. שמעון פטרוס דער אַפּאָסטעל, אין זיין ערשטער עפֿענטליכער רעדע אין ירושלים דעם אויבען דערמאָהנטען שביעות, זאָגט צו די אידען, דאָס ישוע איז דער בן-דוד, וועמען גאָט ב״ה האָט דורך אַ שבועה צוגעזאָגט דוד׳ן, דאָס ער וועט איהם אויפֿוועקען צו זיטצען אויף דוד׳ס טהראָן (אשר נשבע לו האלהים להקים את המשיח מפרי חלציו להושיבו על כסאו) (מעשי השליחים ב, ל). ווי וואָלט ער געוואַגט צו בעהויפּטען אַזוינס, ווען ער וואָלט געוואוסט דאָס זיינע צוהערער זענען אימשטאַנד אָבצולייקענען דעם פֿאַקט?

איצט קומען מיר צום אַפּאָסטעל פּוילוס. פּוילוס איז פֿון אָנפֿאַנג געוועזען אַ ביטערער געגנער פֿון דער משיחי׳שער בעוועגונג אין ירושלים. ער האָט ישוע׳ס תלמידים געהאַסט תכלית שנאה און האָט זיי גע׳רודפֿ׳ט ביז צום טויט. איז ער דאָך געוועזען אַ „פרוש בן פרוש" און דערצו נאָך אַ גרויסער קנאי. ער האָט זיך צור אויפֿגאַבע געמאַכט די משיחי׳שע בע-

וואגוגג עוקר מן השרש צו זיין. בעת דער ערשטער יודען־כריסט איז געשטייניגט געוואָרען אין ירושלים פֿון אַנ'אויפֿגערעגטען המון, האָט אויך ער זיך דערביי בעטייליגט. דערנאָך, אזוי לייענען מיר אין ברית חדשה, האָט ער הרוב געמאַכט די קהילה, ער פֿלעגט זיך אריינברעכען אין די הייזער און אַרויסשלעפּען מענער און פֿרויען און זיי וואַרפֿען אין געפֿענגעניס (מה"ש ה, א—ג). דיזער פּויליס איז באַלד נאָך דעם געוואָרען איינער פֿון די אייפֿריגסטע נאָכפֿאָלגער פֿון ישוע, וועלכער האָט מעהר אויפֿגעטהאָן פֿאַר מלכות שמים אידער אַלע אַנדערע. פּוילוס איז געוועזען אַ תלמיד פֿון רבן גמליאל און האָט אַ לענגערע צייט זיך אויפֿגעהאַלטען אין ירושלים. ער איז גוט בעקאַנט געוועזען מיט דער גאַנצער געשיכטע פֿון ישוע, ער האָט אויך געקאָנט וויסען, אויב ישוע שטאַמט אָב פֿון בית דוד אָדער ניט. וואָלט ער ניט געוואוסט דאָס ישוע איז אַ בן דוד, וואָלט קיין שום מאַכט ניט געקאָנט איהם, דעם פּרוש בן פּרוש, צווינגען צו גלויבען דאָס ישוע איז משיח בן דוד. ער האָט דאָס אָבער זעהר גוט געוואוסט, און אין זיינע דרשות ווי אין זיינע ספרים בעטאָנט ער גאַנץ בעזונדערס דעם פֿאַקט פֿון ישוע'ס אָבשטאַמען פֿון בית דוד. אין אַ דרשה געהאַלטען אין דער שוהל פֿון אַנטיוכאָ אין פּיסידיען זאָגט ער: ויקם את דוד למלך עליהם... ומזרעו הקים אלהים כפי ההבטחה גואל ישראל את ישוע (מה"ש יג, כב. כג). זיין בעריהמטען בריעף צו דער משיחי'שער קהילה אין רוים הייבט ער אָן דערמיט, דאָס גאָט האָט איהם אויסגעוועהלט צו פּרעדיגען די בשורה טובה וועגען זיין זוהן, אשר מזרע דוד לפי הבשר, וועלכער זיין מענשליכער נאַטור נאָך קומט ארויס פֿון בית דוד (רומ' א, ג). און קורץ פֿאַר זיין טויט, מיט די ווערטער „עת פטירתי הגיע" אויף זיינע ליפּען (ב טימ' ד, ה,) שרייבט ער צו זיין תלמיד טימותיוס: זכר תזכר את ישוע המשיח הנעור מן המתים, אשר הוא מזרע דוד כבשורתי. דו זאָלסט תמיד האָבען אין זכרון ישוע המשיח, וועלכער איז אויפֿגעשטאַנען פֿון די טויטע און וועלכער שטאַמט אָב פֿון בית דוד לויט מיין בשורה (שם ב, ה-ט). די דאָזיגע ווערטער זיינען זעהר וויכטיג. פּוילוס שפּרעכט דאָ פֿון זיין „בשורה", מיינענדיג דערמיט די תורה וואָס ער האָט עפֿענטליך געפּרעדיגט, אַרומפֿאָהרענדיג פֿון שטאָדט צו שטאָדט און פֿון לאַנד צו לאַנד. בעת ער האָט די בשורה טובה פֿערקינדיגט, האָט ער אין דערזעלבער צייט אייך אָנגעזאָגט, דאָס ישוע איז מזרע דוד. פֿאַר דיזע בשורה ווערט ער געהאַסט און גע'רודפ'ט, יאָ, בעת ער שרייבט די אָנגעפֿיהרטע ווערטער, זיצט ער אין געפֿענגעניס אין רוים, אָנגעגרייט צו שטאַרבען על קדוש השם. אָבער ער הערט ניט אויף צו זאָגען

דאָס וואָס ער ווייס אין אמת. ישוע איז מזרע דוד! דאָס איז כמעט זיין לעצט וואָרט פאַר זיין טויט. פוילוס השליח איז בכן אַ וויכטיגער עדות פאַר ישוע׳ס אָבשטאַמונג פון בית דוד.

מיר ווילען אָבער דעם לעזער אויפמערקזאַם מאַכען אויף נאָך אַ וויכטיגען פאַקט. דער בקי אין ברית-חדשה ווייס, דאָס דער גרעסטער טייל פון דער משיחי׳שער קהילה אין ירושלים, וואָס איהר ראש און מנהיג איז געוועזען יעקב הקדוש, דער ברודער פון ישוע, איז בעשטאַנען פון אַזעלכע יודען, וועלכע האָבען געהאַלטען די תורה מיט אַלע איהרע פרטים. בעת פוילוס איז קיין ירושלים געקומען די קהילה צו בעזוכען, זאָגט צו איהם יעקב הקדוש: „הנך רואה אחינו כמה רבוא יהודים באו להאמין וכלם מקנאים לתורה", דו זעהסט ברודער וויפיעל טויזענדער יודען זענען צום-גלויבען געקומען און אַלע אייפערן זיי פאַר דער תורה (מה״ש כא, כ). אין דער קהילה האָבען זיך געפונען זאָגאַר פרושים, וועלכע האָבען געגלויבט אין ישוע המשיח. אָט דיזע פרושים האָבען געפאָדערט דאָס די אין ישוע גלויביגע גוים זאָלען בעהאַנדעלט ווערען ווי גרים און מ׳זאָל זיי אָנזאָגען זיך מל-צו זיין און האַלטען די תורה. ויקומו אנשים מאמינים מכת הפרושים ויאמרו למול אתם (ר״ל את המאמינים מן הגוים) ולצותם לשמור את תורת משה (שם טו, ה). פוילוס אָבער האָט געהאַלטען פון דער דעה, דאָס תורת משה איז דאָס נאַציאָנאַל-געזעטץ פונ׳ם יודישען פאָלק און האָט דערפאַר נור אַ חיוב פאַר יודען אָבער ניט פאַר גוים. די לעצטע, ווען זיי גלויבען פונ׳ם גאַנצען האַרצען אין דעם גאָט פון ישראל און אין דעם משיח, וועלכער האָט זיך מקריב געוועזען פאַר אַלע, פאַר גוים ווי פאַר יודען, און לעבען לויט משיח׳ס לעהרע אַ לעבען פון ריינקייט, גערעכטיגקייט און ליעבע, זענען אמת׳ע בני אברהם נאָך דעם גייסט און יורשים פון דער ישועה, וואָס משיח האָט איהר געבראַכט פאַר אַלע מענשען. די יודישע מאמינים זענען מחויב צו בעטראַכטען און בעהאַנדלען די גוי׳שע מאמינים אַלס ברידער און מיטגלידער פון איין און דערזעלבער קהילה — די קהילת המשיח, ווי וואויהל די לעצטע זענען ניט געמל׳ט און האַלטען ניט דאָס צערמאָניאַל-געזעטץ פון תורת משה. די אויבען דערמאָהנטע פרושים-משיחיים האָבען איהם דערפאַר געהאַסט און האָבען איהם אויף אַלע אופנים ענטגעגען-געאַרבעט. האָט פוילוס אין אַ היידנישע שטאָדט געווירקט און גוים זענען צום גלויבען געקומען, און אין דער שטאָדט אַ משיחי׳שע קהילה געגרינדעט, ווי פוילוס האָט נאָר די שטאָדט פערלאָזען, אַזוי זענען די פרושים-משיחיים אַהין קומען די היידען-קריסטען צו איבעררעדען זיי זאָלען זיך מל-זיין און האַלטען שבת און די יודישע ימים טובים

ווען ניט קענען זיי ניט געךעטעט ווערען, וואָרום אָהן מילה ווערט זייער אמונה און זייער הייליג לעבען זיי וועניג וואָס העלפען. מיר האָבען דאָ אַ מערקווערדיגען פאַקט פאַר אונז. אָרטאָדאָקסישע יודען גלויבען אין ישוע המשיח, זיי זיינען ביטערע געגנער פון דעם גרויסען שליח פויל־וס, ווייל ער איז ניט אַזוי „אָרטאָדאָקס" ווי זיי. הייגט פרעגען מיר, איז עס פסיכאָלאָגיש מיגלעך דאָס אַזוינע „מקנאים לתורה" וואָלטען געגלויבט דאָס ישוע איז משיח ווען זיי וואָלטען ניט געהאַט פעסטע בעווייזע, דאָס ישוע איז אַנ׳-אמת׳ער בן־דוד? און דערצו נאָך האָבען אַ סך פון דיזע יודען-כריסטען געלעבט אין דער ערשטער צייט נאָך ישוע׳ס ליידען, ניט וועניגע פון זיי האָבען איהם אפשר נאָך פערזענליך געזעהן. זייער אמונה אין דער משיחות פון ישוע איז אַ שטאַרקער און פעסטער בעוויז, דאָס עס איז אין גאַנצען פאָלק בעקאַנט געוועזען אַז ישוע איז אַ בן-דוד און אַז דאָס פאָלק האָט איהם געהאַלטען פאַר אַ בן־דוד, וועלכער האָט אַ רעכט צו זיטצען על כסא־דוד.

נאָך אין די לעצטע יאָהרען פון ערשטען כריסטליכען יאָהרהונדערט (אַרום 95 לסה״נ) האָבען קרובים פון ישוע געלעבט, וועלכע זענען בע־קאַנט געוועזען אַלס בני דוד. העגעסיפוס, דער ערשטער געשיכטע־שרייבער פון דער כריסטליכער קירכע, אַ יודען־כריסט, וועלכער האָט גע־לעבט אין צווייטען יאָהרהונדערט (120 — 180 לסה״נ), שרייבט וועגען זיי בזה הלשון: „נאָך האָבען געלעבט אייניגע פון משיח׳ס משפחה, די אייניקלעך פון יהודה, משיח׳ס ברודער נאָך דעם פלייש. זיי האָט מען פער׳מסר׳ט, דאָס זיי שטאַמען אָב פון בית דוד. איין עוואָקאַטוס (ד. ה. אַנ׳אַלטער רוימישער סאָלדאַט) האָט זיי געפיהרט צום קיסר דאָמיטיאַנוס *) וועלכער האָט ניט וועניגער פאַר הורדוס׳ן מורא געהאַט פאַר משיח׳ס קו־מען. ער האָט זיי צוערשט געפרעגט, אויב זיי שטאַמען פון דוד׳ן, אויף דעם האָבען זיי מיט יאָ געענטפערט, דערנאָך האָט ער זיי געפרעגט ווי פיעל זיי פערמאָגען אָדער ווי פיעל געלד זיי האָבען. דערויף האָבעןביידע געענטפערט דאָס צוואַמען פערמאָגען זיי ניט מעהר ווי 9000 דנרים, איטליכער פון זיי אַ העלפט, און דאָס אויך ניט אין מזומנ׳ע געלד, וואָרום אַזוי פיעל איז דער ווערט פון זייער אַקער־לאַנד. דערפון צאָהלען זיי

*) דער קירכען-היסטאָריקער עוזעביוס שרייבט, דאָס קיסר דאָמיטיאַנוס האָט אַרויסגעגעבען אַ בעפעהל מ׳זאָל טויטען אַלע וואָס שטאַמען אָב פון בית דוד. ער האָט מן הסתם געמיינט, דאָס מיט דעם ווערט ער אַנ׳ענד מאַכען צו אַלע יודישע מרידות גע־גען רוים, וועלכע האָבען תמיד זייער גרונד געהאַט אין די משיחי׳שע בעוועגונגען אין פאָלק.

שטייער (פּאָדאַטקעס) און זענען זיך מפרנס מיט דער אַרבייט פון זייערע אייגענע הענד. דערנאָך האָבען זיי איהם געוויזען זייערע הענד און צום בעוויז דאָס זיי אַרבייטען אַליין, האָבען זיי איהם געצייגט די האַרטע האָרן-הויט, וואָס פון דער שטענדיגער אַרבייט האָט זיך געבילדעט אויף זייערע הענד. אויף די פראַגע וועגען משיח׳ן און זיין מלוכה, פון וועלכער אַרט און בעשאַפענהייט זי וועט זיין, ווען און וואו זי וועט זיך אַנטפּלעקען, האָבען זיי געענטפערט, דאָס משיח׳ס מלוכה איז ניט קיין וועלטליכע אָדער ערדישע, נייערט אַ הימלישע, וועלכע וועט זיך אַנטפּלעקען ערשט אין דעם ענד פון דער וועלט, ווען משיח וועט קומען בכבוד צו משפּט׳ן די לעבע-דיגע און טויטע און צו בעצאָהלען איטליכען לויט זיינע מעשים. אויפגרונד פון דער דאָזיגער מיטטיילונג האָט זיי דאָמיטיאַנוס ניט פער׳משפּט, ער האָט זיי נור מבזה געוועזען אַלס איינפאַכע און ניט-געשייטע מענשען, און זיי געלאָזען געהן און האָט אַ בעפעהל אַרויסגעגעבען, מ׳זאָל אויפהערען צו פערפאָלגען די קירכע. נאָכדעם ווי מ׳האָט זיי בעפרייט זענען דיזעביידע געוואָרען פאָרשטעהער פאַר פערשיידענע קהילות, ניט נור דערפאַר וואָס זיי האָבען געליטען על קדוש השם נייערט אויך דערפאַר וואָס זיי זענען געוועזען משיח׳ס קרובים. און זיי האָבען נאָך געלעבט פון דיזער פרידען-צייט אָן ביז צו די צייטען פון (קיסר) טראַיאַנוס". (אָנגעפיהרט אין דער קירכען-געשיכטע פון עוזעביוס, בוך דריי, קאַפּיטעל 21).

זעהר אָפּט ווערט די קשיא געפרעגט: אין ברית חדשה שטעהט, דאָס ישוע איז געבוירען געוואָרען בדרך נס, דורך אַ שעפּפערישען אַקט פון׳ם רוח הקדש. היינט ווען יוסף איז אפילו יאָ געוועזען אַ בן-דוד, איז דערמיט נאָך ניט געזאָגט, דאָס ישוע איז אַ בן-דוד, ווייל יוסף איז גאָרניט גע-וועזען זיין לייבליכער פאָטער? אויף דעם איז פאָלגענדעס צו זאָגען:

א) אין ברית חדשה הייסט עס, דאָס מרים איז געוועזען די „ארוסה", די פערלאָבטע, פון יוסף׳ן (מתי א׳ יח). די „ארוסה" איז גערעכענט גע-וועזען אַלס אַ פרוי פון׳ם ארוס (נאמרו לפני רבן גמליאל, הואיל וארוסה אשתו ונשואה אשתו, תוספתא, כתובות ח, א). און אין דער עלטערער צייט האָט אַן „ארוסה" פון אַ כהן געמעגט עסען תרומה (שם ח, א), ערשט אין דערן שפּעטערער צייט האָט מען בעשטימט: אין בת ישראל אוכלת בתרומה עד שתיכנס לחופה. אין יענער צייט האָט מען מקדש געווען די פרוי ביי דער פערלאָבונג און אין ארץ יהודה האָט מען ביי דער דאָזיגער געלעגענהייט אויך געמאַכט די „ברכת חתנים". דאָרט האָט אויך געהערשט דער מנהג דאָס דער חתן האָט זיך „מתיחד" געוועזען מיט דער כלה פון דער פער-לאָבונג אָן. נאָך דעם אַלטען יודישען דין איז די „ארוסה" די געזעצליכע

פרוי פונ׳ם מאַן אין זי הייסט אָפּט „אשת איש".*) בכן איז אויך מרים די געזעטצליכע פרוי געוועזען פון יוספ׳ן. מיט איהר צוזאַמען געהט ער קיין בית־לחם יהודה זיך צו שאַטצען (לוקס ב, ד. ה).

ב) נאָך דער אַנשוויאונג פון דער תורה זענען קינדער גאָט׳ס מתנה צום מענשען (בראׄ מח, ט; דהי״א כח, ד), נאָך מעהר, ביי יעדער געבורט פון אַ קינד בעטייליגט זיך גאָט אַזוי פיעל ווי מאַן און ווייב. דאַרום זאָגט חוה ביי דער געבורט פון איהר ערשטען זוהן: קניתי איש את יהוה (בראׄ ד, א). זי האָט אַ מענגליך-קינד דערוואָרבען מיט גאָט, ד. ה. דורך זיין הילף. ר׳ עקיבא ערקלעהרט חוה׳ס ווערטער אַזוי: „את ה׳" — לשעבר אדם נברא מאדמה חוה מן אדם, מכן ואילך בצלמינו כדמותינו (בראׄ א, כו), לא איש בלא אשה, לא אשה בלא איש, ולא שניהם בלא שכינה (ב״ר פכ״ב). דיזעלבע מיינונג זאָגט אויך אַרויס דער אמורא ר׳ שמלאי, דערקלעהרענדיג די ווערטער „בצלמינו כדמותינו" פאַר זיינע תלמידים: איטליכעס קינד טראָגט אין זיך די עהנליכקייט צו פאָטער און מוטער און אויך צו גאָט, דערפאַר זאָגט גאָט „בצלמינו כדמותינו" (ב״ר פ״ח). אין איבעראיינשטימונג מיט ר׳ עקיבא׳ס מיינונג האָבען די תנאים אויפגע־שטעלט די לעהרע: „ג׳ שותפין הן באדם, הקב״ה ואביו ואמו" (קידושין ל׳, ע״ב; נדה ל׳, ע״ב) און זיי לעגען צו: „והקב״ה נותן בו רוח ונשמה וקלסתר פנים וראיית העין ושמיעת האוזן ודבור פה והלוך רגלים ודעת ובינה והשכל". — ווען גאָט בעטייליגט זיך אַזוי פיעל ביי דער געבורט פון אַ געוועהנליכען מענשען, ווי פיעל מעהר האָט ער בעדאַרפט זיך בעטייליגען ביי דער געבורט פון איהם, וועלכער האָט געזאָלט זיין ניט נור דער גואל פון דער מענשהייט נייערט אויך דער באַשעפער פון אַ נייער מענשהייט. עס האָט היער געגאָלטען צו בעשאַפען אַ נייען מענשען, וועלכער איז איינערזייטס ענג פערבונדען און פערוואַנדט מיט דעם כלל מענש, קענט און איז פערטרויט מיט אונזערע שוואַכקייטען און נסיונות, אונזערעליידען און צרות, אַנדערזייטס אָבער איז ער גאָר אין גאַנצען פון אונז פערשיידען, זיטליך ריין און הייליג און פאָלקאָמען פריי פון איטליכער זינד, כדי ער, דער איינציג פרייער, זאָל קענען העלפען און בעפרייען אונז פון דער זינד געבונדענע מענשען. און פון דיזער ווינדערבאַרער בעטייליגונג פון גאָט ביי דער געבורט פון משיח צדקנו דערצעהלט אונז דאָס ברית הדשה.

ג) גאָט׳ס אַ מתנה איז איטליכעס קינד, בפרט דאָס קינד, וואָס דער נביא ישעיה האָט פון איהם געזונגען: כי ילד ילד לנו, בן נתן לנו, ותהי

---

*) פערגלייך: העתיד, ספר חמישי, דף 87.

המשרה על שכמו, ויקרא שמו: פלא יועץ, אל גבור, אבי עד, שר שלום (ט, ה). גאָט'ס אַ מתנה איז ער צו כל ישראל בכלל און צום בית דוד בפרט. גאָט קען אונז אָבער זיינע מתנות געבען אויף צוויי ערליי אופנים, בדרך הטבע און בדרך שלמעלה מדרך הטבע, און מיר האָבען קיין רעכט נישט גאָט ב"ה פאָרצושרייבען אויף וואָס פאַר אַנ'אופן ער זאָל אונז געבען זיינע מתנות. מיר קענען נור איינס טהון: מקבל זיין גאָט'ס מתנה מיט שמחה און דאַנק און לויב צום השם יתברך. אַזוי האָט אויך יוסף הצדיק געטאָן. ווען זיין פרוי מרים האָט איהם געבוירען אַ זוהן אויף אַ וואונדערבאַרען אופן, האָט ער אין איהם געזעהן גאָט'ס מתנה צו איהם, יוסף'ן, ער האָט איהם אַלס זיין זוהן פון אָנפאַנג אָן בעטראַכט, איהם געליעבט און מגדל געוועזען לתורה ולמעשים טובים, ער האָט איהם בעטראַכט אַלס זיין גע־זעטצליכען יורש גלייך מיט זיינע אַנדערע קינדער, וואָס זיינען געבוירען געוואָרען בדרך הטבע, און דאָס איז ישוע אויך געוועזען. און ווען יוסף ווערט דערמאָהנט אין ברית־חדשה, ווערט ער אויך תמיד בעצייכענט אַלס ישוע'ס פאָטער. ביים פדיון הבן אין בית המקדש זאָגט דער אַלטער שמעון נביאות אויף דאָס קינד, וואָס ער האָט גענומען אויף זיינע הענד. און לוקס שרייבט ואביו ואמו תמהים על הדברים הנאמרים אליו (ב, לג). אין דער געשיכטע פון ישוע'ס עולה־רגל־זיין געברויכט לוקס צוויי מאָל דאָס וואָרט: הוריו, זיינע עלטערן (שם ב, מא, מג), און מרים זאָגט צו איהם: הנה אביך ואנכי בעצבת לב בקשנוך (שם ב, מח). דאַרום איז ער אויך אין גאַנץ גליל בעקאַנט געוועזען אַלס בן־יוסף. ביי דער ערשטער דרשה, וואָס ישוע האָט געהאַלטען אין דער שוהל פון נצרת רופען די מענשען פערוואונדערט אויס: הלא־זה הוא בן־יוסף! (שם ד, כב). זיינע ערש־טע תלמידים זאָגען: מצאנו... את ישוע בן־יוסף מנצרת (יוחנן א, כו). און שפעטער ביי אַ דרשה, וואָס ישוע האָט געהאַלטען אין דער שוהל פון כפר־נחום, רופען די צוהערער אויס: הלא זה הוא ישוע בן־יוסף, אשר אנחנו יודעים את אביו ואת אמו (שם ו, מב).

איינס דאַרף מען אָבער ניט פערגעסען, דאָס די אָבשטאַמונג פון דוד'ן אַליין גיט אַ מענשען נאָך ניט דאָס רעכט צו זיין דער משיח. וואָלט ישוע מעהר ניט געוועזען ווי אַ געוועהנליכער בן־דוד, וואָלט ער מעהר ניט געהאַט ווי דעם דאָזיגען יחוס, וואָלט ער דערפאַר נאָך ניט געוועזען ישראל'ס גואל ומשיח. משיח איז ער נאָר דערפאַר, וואָס ער האָט זיך אַזוי אויסגעצייכענט דורך זיינע גייסטיגע און זיטליכע אייגענשאַפטען, דאָס טאַקי נאָר אויף איהם פאַסען די נבואות וואָס די נביאים האָבען געזאָגט אויף משיח'ן. אין איהם און דורך איהם זיינען זיי מקוים געוואָרען און ווערען

תמיד מקוים. דאָס זוכט ישוע קלאָהר צו מאַכען פֿאַר די פרושים. ער פֿרעגט זיי, וועד וועט משיח זיין און זיי ענטפֿערן איהם ריכטיג: אַ בן־דוד. ווען אַזוי, פֿרעגט ער זיי ווייטער, פֿאַר וואָס רופֿט דוד המלך משיח׳ן: אדני, מיין האַר, זאָגענדיג: נאם ה׳ לאדני שב לימיני (תהל׳ קי, א). איז דאָך דערפֿון געדרונגען דאָס משיח איז גרעסער אפילו פֿאַר דוד המלך גופא, גרעסער אין אַלע הינזיכטען. און דערמיט איז בעוויזען, דאָס עס איז ניט גענוג פֿאַר משיח׳ן צו זיין אַ בן דוד, ער מוז שטעהן אויף אַזאַ הויכער מדרגה, דאָס אפילו דוד זיין פֿאָטער מוז זיך בויגען פֿאַר איהם און אַנערקענען איהם אַלס זיין הערר. און דער צו וועמען גאָט זאָגט: „בני אתה, היום ילדתיך שאל ממני ואתנה גוים נחלתך ואחזתך אפסי ארץ" (תהל׳ ב) דער איז אודאי גרעסער פֿאַר דוד המלך. (פֿערגלייך מתי כא, מא-מו). און ניט נאָר גרעסער פֿאַר דוד המלך נייערט אויך, ווי דער מדרש זאָגט: „ירום מאברהם ונשא ממשה וגבה מאד — ממלאכי השרת".

נאָך ישוע׳ן האָט קיינער פֿון אַלע, וואָס זענען אין ישראל אויפֿגעטרע-טען אַלס משיחים, ניט געקאָנט בעווייזען דאָס זיי שטאַמען אָב פֿונ׳ם בית דוד. ב ר כ ו כ ב א, וועמען ר׳ עקיבא האָט אויסגערופֿען צום משיח איז איבערהויפט ניט געוועזען אַ בן דוד, וועניגסטענס געפֿינט זיך וועגען דעם קיין שום רמז נישט אין דער גאַנצער תלמוד׳ישער ליטעראַטור. און דער לעצטער פֿאַלשער משיח, ש ב ת י צ ב י, אין וועמען אַסך יודען אין דער גאַנצער וועלט האָבען געגלויבט, און צווישען זיי האָבען זיך געפֿונען אַסך רבנים און גאונים, האָט אויך ניט געשטאַמט פֿון בית דוד, און דאָס מערקווערדיגסטע דערביי איז, דאָס עס איז קיינעם ניט געקומען אויפֿ׳ן זיי-נען חוקר ודורש צו זיין, צי שטאַמט ער אָב פֿון בית דוד. עס וואָלט פֿאַר ש ב ת י צ ב י אויך אונמיגליך געוועזען דאָס צו בעווייזען, וואָרום אַלע יחוס-בריעף פֿון פֿאַרצייטען האָבען שוין אין זיין צייט מעהר נישט עקסיסטירט און איצט איז עס גאָר אונמיגליך פֿאַר אַ יודען צו וויסען, אויב ער שטאַמט פֿון שבט יהודה אָדער פֿון שבט בנימין. — א י י ן בן-דוד איז אויפֿגעטרע-טען מיט דעם אַנשפּרוך צו זיין דער משיח ישראל, און גאָט האָט זיין התימה אויף איהם געזעצט. איהם האָט גאָט געגעבען די גוים צו אַ נחלה, ער הערשט „מים עד ים ומנהר עד אפסי ארץ", דען ער איז ציון׳ס קעניג, פֿון וועמען גאָט זאָגט: הנה מלכך יבא לך, צדיק ונושע הוא (זכר׳ ט).

## ב.

# וְאֵין זֶבַח וְאֵין מַצֵּבָה.

האָט דער נביא מיט די ערשטע פאָר ווערטער בעשריבען דעם פאָליטישען צושטאַנד פֿון ישראל אין דער צייט פֿון גלות, בעשרייבט ער מיט די צווייטע פאָר ווערטער זיין רעליגיעזען צושטאַנד אין דער גלות-צייט. דער מיטעלפונקט פֿון ישראל'ס שטאַאטס-לעבען איז געוועזען זיין קעניג; כל זמן ישראל האָט נאָך געהאַט אַנ'אייגענעם קעניג, האָט ער נאָך בעזעסען זיין לאַנד און פאָליטישע פֿרייהייט, ווען ער האָט זיין קעניג פֿערלוירען האָט ער מיט איהם אי לאַנד און אי פֿרייהייט פֿערלוירען. און אַזוי ווי דער קעניג האָט געבילדעט דעם צענטער און יסוד פֿון זיין פאָליטישען לעבען, אַזוי האָט אויך „זבח" (ד. ה. די מיט די קרבנות ענג פֿערבונדענע עבודה אין בית המקדש) געבילדעט דעם מיטעלפונקט פֿון זיין אמונה און רעליגיעזען לעבען. דער ענין איז אָבער אַ גרויסער און זעהר אַ וויכטיגער, און מיר בעטראַכטען עס אלס אונזער חוב איהם גוט צו בעקלעהרען.

אַז „זבח" שטעהט דאָ אַלס צענטער פֿון ישראל'ס רעליגיעזען לעבען איז געדרונגען דערפֿון וואָס דער נביא שטעלט „זבח" געגענאיבער „מלך", און דערמיט איז ער מרמז דאָסביידע פֿערנעהמען אַ גלייך וויכטיגען פלאַטץ, איטליכער אין זיין ספֿערע. דעם טעם דערפֿון ווילען מיר ערשט דערכאָלט פֿערשטעהן, ווען מיר ווילען אונז פֿערטיעפֿען אין דער לעהרע פֿון די קרבנות און אונז געבען די מיה אַרויסצוגעפֿינען די אמת'ע כוונה זייערע.

די כוונה פֿון די קרבנות. באַלד נאָך מתן תורה האָט גאָט געהייסען זיין פֿאָלק פֿאַר איהם בויען אַ משכן. משכן הייסט אַ וואוינונג, און די וואוינונג וואָס ישראל האָט געזאָלט בויען האָט געזאָלט זיין בעשטימט פֿאַר גאָט דעם אלהי ישראל. אַ משכן האָט גאָט פֿון ישראל פֿערלאַנגט ווייל ער יתברך האָט געוואָלט צווישען זיין פֿאָלק וואוינען ווי אַ קעניג צווישען זיינע אונטערטהאַנען, ווי אַ פֿאָטער צווישען זיינע קינדער. אַזוי הייסט עס אויך אין דער תורה: ועשו לי מקדש ושכנתי בתוכם — זיי זאָלען פֿאַר מיר מאַכען אַ העליגען אָרט און איך וועל וואוינען צווישען זיי (שמות כה, ח). ושכנתי בתוך בני ישראל והייתי להם לאלהים, וידעו כי אני ה' אלהיהם, אשר הוצאתי אותם מארץ מצרים לשכני בתוכם, אני ה' אלהיהם — און איך וויל וואוינען צווישען די קינדער ישראל און איך וויל זיין זייער גאָט, כדי

זיי זאָלען דערקענען דאָס איך דער האַר בין זייער גאָט, וועלכער האָט זיי אַרויסגעפֿיהרט פֿונ'ם לאַנד מצרים, ווייל איך וואוין צווישען זיי — איך דער האַר זייער גאָט (שם כט, מה, מו). און אין פ' בחקתי שטעהט געשריבען: אם בחקתי תלכו... ונתתי משכני בתוככם ולא תגעל נפשי אתכם, והתהלכתי בתוככם והייתי לכם לאלהים ואתם תהיו לי לעם. ווען איהר וועט וואַנדעלן אין מיינע געזעצען... וועל איך מיינע וואוינונג געבען צווישען אייך און מיינע זעעלע וועט אייך ניט פֿעראַבשייען, און איך וועל וואַנדעלן צווישען אייך און זיין אייער גאָט און איהר וועט זיין מיין פֿאָלק (ויקרא כו, ג, יא—יב), די דאָזיגע פסוקים לעהרנען אונז דאָס גאָט'ס כוונה מיט דעם אַרויספֿיהרען ישראל פֿון מצרים איז געוועזען, זיך אַ פֿאָלק צו שאַפֿען וואָס ער זאָל קענען צווישען איהם וואוינען, כדי עס זאָל דורך דעם דערקענען, דאָס ה' איז זיין גאָט, זיין העלפֿער און רעטער, זיין שומר ומציל. כל זמן די שכינה רוהט צווישען ישראל איז ער ישראל'ס גאָט און ישראל זיין פֿאָלק.

גאָט'ס וואָרט זאָגט אונז מעהרמאָלס אָן, מיר זאָלען אונז חלילה וחס ניט טועה זיין צו גלויבען, דאָס גאָט ב"ה פֿון זיין צד נויטיגט זיך אין אַ משכן. „דער הימעל איז מיין טראָהן און די ערד איז מיין פֿוסשטוהל, וואָס פֿאַר אַ הויז קענט איהר מיר בויען און וואו איז דער אָרט וואו איך זאָל קענען רוהען? (ישעיה סו, א) דאָס זיינען גאָט'ס אייגענע רייד. און שלמה המלך זאָגט אין זיין וואונדערבאַרער תפלה ביי חנוכת הבית: איז עס מיגליך, דאָס גאָט זאָל קענען וואוינען אויף דער ערד? זעה, דער הימעל און דער הימעל פֿון אַלע הימלען קאָנען דיך ניט אומפֿאַסען, ווי פֿיעל ווענייגער דאָס הויז וואָס איך האָב געבויט (מלכים ח, כ"ז). ניט גאָט נויטיגט זיך אין אַ משכן נייערט ישראל. ישראל בעדאַרף אַ שטענדיג צייכען פֿאַר זיינע אייגען, דאָס גאָט דער „רואה ואינו נראה" איז שטענדיג ביי און מיט איהם, דאָס ער איז ישראל'ס גאָט און ישראל זיין פֿאָלק. דער משכן איז בכן איינע פֿון די טייערסטע מתנות וואָס גאָט אין זיין גרויסען חסד קען נאָר שענקען אַ פֿאָלק, ער וויל ישראל העלפֿען צו גלויבען אין „קרבת אלהים", דאָס גאָט ב"ה איז כביכול צוגעבונדען צו זיין פֿאָלק און וויל זיך פֿון איהם ניט טרענען. פֿאַר די אמת'ע מאמינים אין ישראל איז דיזער טייערער געדאַנק תמיד געוועזען אַ קוואַל פֿון נחמה און בטחון; אין צייטען פֿון שווערע נאַציאָנאַלע צרות און גרויסע סכנות האָבען זיי זיך ניט מיאש געוועזען, ווייל זיי האָבען זיך געקאָנט טרייסטען מיט דעם געדאַנק, דאָס גאָט ב"ה איז דאָך צווישען זיי, און ער וועט זיי ניט לאָזען אונטערגעהן. אין תהלים מזמור מ"ו זינגט דער משורר:

אלהים בקרבה בל תמוט,
יעזרה אלהים לפנות בקר.

גאָט איז אין מיטען פֿון איהר (ד. ה. ירושלים), זי וועט ניט איינפֿאַלען, — גאָט וועט איהר העלפֿען ווען עס וועט אָנהויבען צו טאָגען. און צוויי מאָל רופֿט ער אויס:

ה' צבאות עמנו,
משגב לנו אלהי יעקב.

דער האַר דער הערשאָרען איז מיט אונז, אַ שטאַרקע פֿעסטונג איז פֿאַר אונז יעקב'ס גאָט! — דאָס איז געוועזען זייער טרייסט.

ווען גאָט וואוינט ביי די מענשען, וויל ער נישט וואוינען אַלס אַ פֿרעמדער צווישען זיי, מיט ווענען די מענשען האָבען קיין שום מגע ומשא ניט. אומגעקעהרט, דער גאַנצער צוועק פֿון זיין וואוינען אין ישראל איז, דאָס ישראל זאָל איהם דערקאָנען און זיך אין איהם מדבק זיין. ער פֿון זיין צד הערט ניט אויף זיך בעקאָנט צו מאַכען, ער איז שטענדיג מגלה זיינע מדות און זיין רצון פֿאַר די מענשען, און זיינע געטליכע פֿאָדערונג איז, דאָס די מענשען זאָלען אויפֿנעהמען זיין רצון אין זיך, מאַכען זיין העליגען רצון צו זייער רצון און זיך מדבק זיין אָן זיינע געטליכע מדות: ווי ער איז באַרמהערציג אַזוי זאָלען זיי זיין באַרמהערציג, ווי ער איז גנעדיג אַזוי זאָלען זיי זיין גנעדיג, ווי ער איז לאַנגמיטיג אַזוי זאָלען זיי זיין לאַנגמיטיג, ווי ער איז גרויס אין חסד און אמת, אַזוי זאָלען זיי זיין גרויס אין חסד און אמת. קורץ דער צוועק פֿון גאָט'ס וואוינען אין ישראל איז געוועזען, ישראל צו העליגען, אין ישראל צו זייען און צו פֿלאַנצען גאָטעס מדות, כדי ישראל זאָל ווערען אַנ'עם קדוש, אַ העליג פֿאָלק, און ווענען איטליכער זאָל באַלד דערקאָנען דעם צלם אלהים אין זיין גאַנצער שייהנקייט און הימלישען גלאַנץ.

דער גאָט וואָס די שכינה זיינע רוהט אין ישראל איז אָבער אַ העליגער גאָט. קדוש אני ה' אלהיכם, העליג בין איך, דער האַר אייער גאָט (ויקרא י"ט). קדוש קדוש קדוש ה' צבאות, מלא כל הארץ כבודו. העליג, העליג, העליג איז דער האַר דער הערשאָרען, די גאַנצע ערד איז פֿול מיט זיין כבוד (ישעי' ו). און די אמת'ע מאמינים אין ישראל האָבען געלערנט דעם סוד, אַז אין קדוש כה', דאָס קיינער ניט איז אַזוי העליג ווי דער גאָט פֿון ישראל (שמואל א' ב), נורא וקדוש הוא, פֿורכטבאַר און העליג איז ער (תהלים צ"ט). —

העליג איז ער, אין איהם איז קיין שלעכטס, און ער קען קיין שום שלעכטס ניט פֿערטראָגען; ער איז דער „טהור עינים מראות ברע", זיינע

אויגען זענען ריין און דאָס שלעכטע קענען זיי גאָר ניט דולדען (חבק׳ א, יג). התדבקות קען ער האָבען נאָר מיט דעם גוטען, ניט אָבער מיט זינדיגע מענשען, „לא יגורך רע", דער שלעכטער קען גאָט׳ס גאַסט ניט זיין (תהל׳ ה). אין תהלים ט"ו און כ"ד ווערען אונז די מענשען בעשריבען מיט וועלכע דער הייליגער גאָט קען האָבען געמיינשאַפט אין זיין הייליג הויז, זיי מוזען זיין הייליג און ריין, געציערט מיט אַלע גוטע מעלות און מדות.

די זינדיגע מענשען קענען גאָט׳ס הייליגקייט גאָר ניט דערטראָגען, זי ברענט זיי ווי אַ פלאַם פייער, ווי דער נביא זאָגט: פחדו בציון חטאים אחזה רעדה חנפים, מי יגור לנו אש אוכלה, מי יגור לנו מוקדי עולם. דערשראָקען זענען די זינדער אין ציון, אַ ציטערניס האָט אָנגענומען די היכלער, ווער (זאָגען זיי) פון אונז קען וואוינען נעבען אַ פערצעהרענדען פייער, ווער פון אונז קען וואוינען נעבען דעם עביגען בראַנד (ישעי׳ לג). אָבער ניט נור די זינדער, אויך די פרומסטע פיהלען ווי זינדיג און אומריין זיי זענען, ווען אַ שטראַהל פון גאָט׳ס הייליגקייט פאַלט אויף זיי. „אוי לי כי נדמיתי" — וועה איז מיר, איך בין פערלוירען, רופט ישעי׳ הנביא אויס, ווען גאָט אַנטפּלעקט זיך צו איהם אין זיין הייליגקייט, כי איש טמא שפתים אנכי, דען איך בין אַ מאַן מיט אומריינע ליפּען. (ישע׳ ו). וואָס נעהנטער מיר קומען צו גאָט אין וואָס מעהר מיר דערקענען זיין הייליגען וועזען, דאָס מעהר ווערען מיר אונז בעוואוסט, דאָס אַ מהלך פון אַן עביגקייט ליגט צווישען אונז און גאָט, דאָס עס איז אַ ריינע אוממעגליכקייט פאַר איהם אונז צו ליעבען און זיך מיט אונז צו פעראייניגען, כל זמן מיר זענען זינדיג און אומריין ווי מיר זענען.

עס ליגט אין גאָט׳ס וועזען, די מענשען צו זיך צו ציהען און אין דער זעלבער צייט זיי פון זיך אָבצושטויסען. די גוטסקייט זיינע ציהט אונז ווי אַ מעכטיגער מאַגנעט צו איהם, די הייליגקייט זיינע אָבער שטויסט אונז אָב פון איהם. זי ברענט אונז, זי פערדאַמט אונז, זי דערפילט אונזער האַרץ מיט שרעק און ציטערן, אַז מיר ווינשען אונז אַן אָרט וואו מיר זאָלען קענען אונז עביג בעהאַלטען פאַר זיין הייליגקייט. קיינער דאַרף זיך נעהענטערן צו גאָט אונגערופען, אָהן ערלויבניס, אָהן די ריינע קליידער וואָס זענען בעשריבען אין תהלים ט"ו און כ"ד. כי מי הוא זה ערב את לבו לגשת אלי נאם ה׳, דען ווער איז עס וואָס דאַרף זיך דערוועגען זיך צו מיר צו נעהענטערן, זאָגט גאָט? (ירמי׳ ל, כא).

איצט ווילען מיר פערשטעהן די בעדייטונג פון דער גרויסער פאָדערונג אין דער תורה: קדושים תהיו כי אני ה׳ אלהיכם קדוש. הייליג זאָלט איהר זיין, ווייל איך דער האַר אייער גאָט בין הייליג (ויקרא פ׳ קדושים). הייליג

זאָלען מיר זיין, ווייל גאָט איז הייליג, ווייל ער דולדעט קיין שלעכטס ניט, ווייל ער קען התדבקות האָבען נאָר מיט הייליגע מענשען. און וואָס קדושה איז ווערט אונז דאָרט בעשריבען אי נעגאַטיוו און אי פּאָזיטיוו, און די פּאָזיטיווע קדושה דערגרייכט איהר שפּיטץ אין דער מצוה: ואהבת לרעך כמוך. אָבער וואָס זאָלען מיר מענשען טהון, וואָס זיינען פֿון נאַטור זינדיג און אומריין? וואָס זאָל ישראל, דאָס קשה־ערף פֿאָלק, וואָס זיינע געשיכטע איז אַ לאַנגע קייט פֿון זינדען, וואָס זאָל ישראל טהון? ווי זאָל ישראל זיך מקרב זיין צו גאָט, ווען עס קען גאָר ניט אויסהאַלטען דעם פֿייער פֿון זיין הייליגקייט?

דער משכן גופא האָט שטענדיג דעם פֿאָלק צו געמיט געפֿיהרט דעם אמת פֿון די ווערטער: כי מי הוא זה ערב את לבו לגשת אלי? דער משכן איז בעשטאַנען אויס דריי חלקים: חצר, אוהל מועד, קדש הקדשים. אין קה"ק האָט נאָר דער כהן גדול געמעגט אַריינגעהן, און דאָס נאָר איין מאָל אין יאָהר, אין יום כפור, אין אהל נור די כהנים, דרויסען אין חצר, אין הויף, איז דאָס פֿאָלק געשטאַנען. הזר הקרב יומת, יעדער פֿרעמדער וואָס האָט זיך דעם אהל מועד גענעהענטערט זאָל געטויטעט ווערען, און פֿרעמדער הייסט דאָ ישראל, אַלע וואָס זענען קיינע כהנים ניט. דאָס פֿאָלק מוז פֿון ווייטען שטעהן אין גאָט'ס הויז, די פֿערבינדונג צווישען איהם און גאָט ווערט פֿערמיטעלט דורך כהנים. דער צוטריט צו גאָט איז קיין דירעקטער. דאָס פֿאָלק אין חצר זאָל וויסען און פֿיהלען ווי אומווירדיג עס איז פֿאַר גאָט צו ערשיינען. דירעקט פֿון זיינע הענד קען דער הייליגער גאָט נישט אָננעהמען.

די זינדע איז עס ווייזע שיידעט דעם מענשען פֿון גאָט. זינדער זענען אָבער אַלע, אויך דער בעסטער. אין צדיק בארץ אשר יעשה טוב ולא יחטא עס גיבט קיין צדיק ניט וואָס זאָל שטענדיג טהון גוטעס און קיין מאָל ניט זינדיגען, אַזוי זאָגט קהלת, און די ערפֿאַהרונג בעשטעטיגט עס. און די חכמה זאָגט: מי יאמר זכיתי לבי, טהרתי מחטאתי, ווער קען זאָגען, איך האָב געלייטערט מיין הערץ, איך האָב מיך געריינינגט פֿון מיין זינד? (משלי כ') געוויס קיין איינציגער ניט. הייסט ווי אַזוי זאָלען מיר מענשען מקיים זיין די מצוה „ובו תדבקון" (דברים יג ח; י, כ), ווען גאָט קען אונז גאָר ניט צולאָזען צו זיך, ווייל מיר זענען זינדיג און אומריין? די דאָזיגע שוועריגקייט האָבען אויך אונזערע חכמים געפֿיהלט. ביי די ווערטער „ואתם הדבקים בה' אלהיכם" פֿרעגט די גמרא, וכי אפשר מלדבוקי בשכינה, והכתיב כי ה' אלהיך אש אוכלה הוא (דבר' ד, כד), איז עס דען מיגלעך זיך צו באַהעפֿטען מיט דער שכינה, עס שטעהט דאָך געשריבען,

דער האַר דיין גאָט איז אַ פֿערצעהרענד פֿייער? (כתובות דף קיא). דער תירוץ דאָ־ט וועט קיינעם ניט בעפֿרידיגען. די גמרא זאָגט, אַז אַנ׳עם הארץ, ווען ער באַהעפֿט זיך צו אַ תלמיד חכם, האָט חתונה מיט זיינע אַ טאָכטער און אונטערשטיצט איהם אויף אַלע אופנים, ווערט דאָס איהם אָנגערעכענט אַזוי ווי ער וואָלט זיך מדבק געווען אָן דער שכינה גופא. ווער גיט אָבער דעם תלמיד חכם, וואָס איז אַ זינדיגער מענש ווי אַלע זינדיגע מענשען, דאָס רעכט צו פֿערנעמען גאָט׳ס פּלאַטץ ביי די מענשען, דעם פּלאַטץ אין מענשענ׳ס האַרץ וואָס גאָט ב״ה אַליין קען פֿאַרנעמען און אויספֿילען?

דעם ריכטיגען תירוץ אויף דיזע פֿראַגע געפֿינען מיר אין דער תורה די תורה זאָגט אונז, דאָס גאָט איז ניט נור אַן אל קדוש ונורא נייערט אויך אַן אל רחום וחנון, וועלכער וויל ניט דעם טויט פֿון דעם זינדער נייערט דאָס ער זאָל תשובה טהון און לעבען: החפץ אחפץ במות הרשע כי אם בשוב מדרכו וחיה (יחזקאל יח, כג; לג ,יא). דאַרום האָט ער אויס ליעבע צו דעם מענשען איהם געגעבען אַ מיטעל, וואָס איינער זייטס בעפֿרייט איהם פֿון זיין זינד און שולד און אַנדערזייטס איז איהם מקרב און מדבק צו גאָט, ביז ער, דער מענש, ווערט אַ מעון לשכינה, אַ וואוינונג פֿאַר גאָט ב״ה. דאָס מיטעל רופֿט אונזער נביא אָן „זבח“ און מיינט דערמיט די קרבנות וואָס האָבען מכפר געווען אויף ישראל.

די קרבנות.

דעם היינטיגען מענשען איז די גאַנצע אידעע פֿון קרבנות זעהר ניט סימפּאַטיש. און דערפֿאַר וויל ער זיך אפילו די טרחה ניט נעהמען חוקר ודורש צו זיין נאָך דער כוונה וואָס ליגט פֿערבאָרגען אין די קרבנות. אַז אין זיי ליגט איינגעוויקעלט אַ טיעפֿער רעיון און אַז דער צוועק זייערער איז געוועזען דעם מענשען אויף אַ העכערע מאָראַלישע שטופֿע און דורך דעם נעהענטער צו גאָט צו ברינגען איז גאָר קיין צווייפֿעל ניט פֿאַר דעם וואָס גלויבט אין גאָט׳ס וואָרט.

זאָל דער מענש זיך אינניג פֿעראייניגען מיט גאָט דעם „מקור החיים“ מוז ער דערפֿילען צוויי גרויסע תנאים: ער מוז שטענדיג שטרעבען נאָך קדושה און ער מוז דערפֿילט זיין פֿון אַ אינניגער און שטאַרקער ליעבע צו גאָט. קדושה און אהבה זענען די תנאים פֿון ההדבקות בה׳. דער מענש אָבער, ווי ער איז, קען ביידע תנאים ניט דערפֿילען, זיין שטרעבען איז ניט נאָך קדושה, און דער אָביעקט פֿון זיין ליעבע איז ניט גאָט נייערט די זיכטבאַרע וועלט.

אָט דעם דאָזיגען הילפֿלאָזען מענשען קומט גאָט ב״ה צו הילף דורך

די אינסטיטוציע פֿון די קרבנות. דורך זיי וויל גאָט דעם מענשען צום בעוואוסטזיין ברענגען, וואָס פֿאַר אַ גרויס פֿערברעכען אַנטקעגען גאָט די זינדע איז, וואָס פֿאַר אַ בייזע און אַנשטעקענדע קריינק זי איז, ווי זי צער־שטערט דאָס בעסטע אין מענשען, אַראָבציהענדיג איהם צו דער מדרגה פֿון אַ בהמה, וואָס איהר טבע ער האָט געפֿאָלגט, אָנשטאָדט צו פֿאָלגען דעם „חלק אלוה ממעל" אין זיך. דורך דעם טויט פֿונ'ם קרבן וויל גאָט דעם מענשען טיעף איינפּרעגען דאָס געפֿיהל פֿון זיין שולד, דאָס ער האָט אַ שרעקליכען טויט פֿערדינט, דאָס זיין בהמה־נאַטור האָט קיין רעכט ניט צו לעבען, זי מוז געטויטעט און פֿערניכטעט ווערען. ערשט ווען ער האָט אָנגעפֿאַנגען די לעקציאָן צו לערנען, ווערט ער אַנ'אמת'ער און אויפֿריכ־טיגער בעל תשובה, וועלכער ווערט אַ דם־שונא דער זינדע און אַנ'אויפֿ־ריכטיגער פֿריינד און ליעבהאָבער פֿון דעם גוטען. די דאָזיגע איננערע שטימונג אין מענשען צו וועקען ניט נור אויף אַ מאָמענט נייערט אויף שטענדיג איז ניט לייכט, עס געהערט דערצו אַ לאַנגער און שווערער קאַמפּף מיט די שלעכטע טענדענצען אין מענשענ'ס נאַטור.

דער בעל תשובה וואָס ברענגט אַ קרבן פֿאַר זיינע זינד איז דער־מיט מודה פֿאַר גאָט, דאָס ער איז אַ זינדער, וועלכער האָט פֿערדינט דעם טויט, און ער בעט גאָט צוגלייך, ער זאָל איהם אָנרעכענען דעם טויט פֿונ'ם קרבן אַזוי ווי ער גופא וואָלט זיין טויט־שטראָף געליטען, איהם פֿערגעבען אַלע זיינע זינד און איהם שענקען זיין לעבען, כדי ער זאָל האָ־בען די מיגלעכקייט פֿון היינט אָן אַ נייע לעבען, אַ גאָטעס־לעבען, צו פֿיהרען.— אַ רעכט אויף אַזאַ ביטע האָט ער ניט. ער אַפּעללירט צו גאָט'ס חסד און רחמים, און ווען גאָט וועט זיין ביטע דערהערען, וועט דאָס גע־ווים זיין אַ גרויסער און וואונדערבאַרער חסד פֿון גאָט. אַזאַ מענש מוז זיך פֿיהלען ווי אַ פֿערברעכער פֿער'משפט צום טויט, וועמען דער קעניג האָט בעגנאַדיגט און איהם זיין לעבען געשענקט. אַזאַ חסד פֿון גאָט'ס צד מוז דערוועקען אינ'ם האַרצען פֿונ'ם מענשען אַ טיעפֿע דאַנקבאַרקייט צו גאָט און אַ דאַנקבאַרע ליעבע צו איהם, וועלכער האָט איהם גערעטעט פֿון טויט. ווען דער קרבן ווירקט אויף דעם מענשען אויף אָט אַזאַ אופן, ווערט ער אַ מיטעל דעם מענשען מקרב־צו־זיין צו גאָט און גאָט צו דעם מענשען, און דאָס ציעל ווערט דערגרייכט, וואָס גאָט האָט געהאַט במחשבה, ווען ער האָט געזאָגט „ועשו לי מקדש ושכנתי בתוכם". קדושה און אהבה ווע־רען געוועקט אין דעם מענשען, און וואו קדושה איז דאָרט איז נישט מעהר פֿערהאַנען, וואָס זאָל אָבשיידען דעם מענשען פֿון דעם העליגען גאָט, און וואו

אהבה איז דאָרט איז דאָס באַנד פֿאַרהאַנען וואָס פֿערבינדט דעם מענשען מיט גאָט ב"ה. דאָס „ובו תדבקון" איז דערגרייכט.

דער קרבן האָט אָבער געהאַט נאָך אַן׳אויפֿגאַבע. ער האָט פֿון גאָט׳ס צד גערינט אַלס אַ זיכטבאַר צייכען דאָס גאָט איז גרייט דעם אמת׳ן בעל תשובה אלע זיינע זינד צו פֿערגעבען. אַזאַ זיכטבאַר צייכען האָט דער מענש זעהר נויטיג, בפרט אין זיין פֿערהעלטעניס צו דעם רואה ואינו נראה. ווען מיר בעטען אַ מענשען מחילה, כל זמן זיין פנים בלייבט קאַלט, זיין מויל שטום און זיין האַנד שטרעקט זיך ניט אויס אָנצונעהמען אונזער אויסגעשטרעקטע האַנד, קענען מיר ניט גלויבען דאָס ער האָט אונז מוחל געוועזען. אַזוי אויך מיט דעם מענשען וואָס קומט צו גאָט. די נשמה הונגערט נאָך אַזאַ צייכען, וואָס זאָל איהם קענען שענקען די פֿעסטע געוויסהייט, דאָס גאָט ב"ה האָט זיך מרחם געוועזען אויף איהם. אַזאַ צייכען פֿון גאָט געגעבען, האָט ער געהאַט אינ׳ם קרבן. וכפר עליו הכהן — ונסלח לו, ווען דער כהן האָט זיין קרבן מקריב געוועזען און האָט פֿאַר איהם אַ כפרה צוגעגרייט, ווערט איהם פֿערגעבען.

דער היינטיגער מענש האָט שוער צו בעגרייפֿען, צו וואָס גאָט האָט נויטיג געהאַט אָנצואָרדנען אַזאַ סיסטעם פֿון קרבנות צו קענען פֿערגעבען דעם מענשען זיינע זינד. ווען ער איז אַ אל רחום וחנון, האָט ער בעדאַרפֿט אויך אָהן קרבנות פֿערגעבען. עס איז מענשליך צו פֿעהלען, זאָגט ער, אָבער געטליך צו פֿערגעבען. ער פֿערגעסט אָבער איין זאַך, זאָל דעם מענשען געהאָלפֿען ווערען מיט דער סליחת החטאים, מוז זי האָבען אַ מאָראַלישע באַזיס, מוז זי דעם מענשען געגעבען ווערען אויף אַזאַ אופֿן, דאָס ער ווערט דורך איהר בעסער און ניט ערגער. ווען די קינדער וויסען דאָס דער פֿאָטער איז גרייט זיי צו פֿערגעבען וואָס זיי ווילען נאָר טהון, גלויבען זיי צום סוף דאָס עס אַרט איהם וועניג ווי זיי פֿיהרען זיך אויף. און מיר מענשען זענען ניט פֿיעל בעסער אַלס די צולאָזענע קינדער. ביי סליחת חטאים איז ניט די הויפּטזאַך דאָס דער מענש זאָל בעפֿריים ווערען פֿון דעם ענש החטא, נייערט דאָס ער זאָל בעפֿרייט ווערען פֿון דער זינד גופא, דאָס ער זאָל ווערען אַ ירא חטא און אַ אמת׳ער ירא שמים. דערפֿאַר מוז גאָט ביי פֿערגעבען די זינד פֿון די מענשען צייגען אי צאָרן אי ליעבע, האַס צו דער זינדע און ליעבע צום זינדיגען מענשען; ער מוז האַנדלען אי נאָך דער מידת הדין און אי נאָך דער מידת הרחמים, ער מוז שטראָפֿען און פֿערגעבען, שלאָגען און היילען צוגלייך. דער מענש מוז וויסען דאָס גאָט׳ס ליעבע איז אַ הייליגע ליעבע, דאָס איהרע מאָטיווע און ציעלע זענען קדושה, די מאָראַלישע בענייאונג פֿונ׳ם מענשען. דאָס

לעהרנט איהם דער קרבן. אין דער ישועה, וואָס ער געווינט דורך דעם קרבן, נעהמען גאָט'ס ביידע מדות אַן אָנטהייל. דער מענש ווערט גע-שטראָפֿט אין זיין קרבן און געהאָלפֿען דורך איהם. די זינד און דער זינדער ווערען פֿערדאַמט און פֿער'משפט צום טויט; דער בעל תשובה, וואָס איז מצדיק אויף זיך דעם דין, בעקומט פֿון גאָט'ס ליעבע אַ סליחה ומחילה שלמה. היער ווערט דער פסוק מקוים:

# חֶסֶד וֶאֱמֶת נִפְגָּשׁוּ צֶדֶק וְשָׁלוֹם נָשָׁקוּ.

(תהלים פ"ה).

## יום הכפורים.

דאָס גאַנצע יאָהר האָט דער בן ישראל געקענט בעקומען סליחת חטאים נור פֿאַר עבירות וואָס ער האָט געטהאָן בשוגג, אָבער פֿערגעבונג פֿאַר אַלע זיינע זינד האָט ער געקענט בעקומען נור איין מאָל אין יאָהר — יום כפור, צוזאַמען מיט דעם גאַנצען פֿאָלק. דערין ליגט אַ טיעפֿער גע-דאַנק: קיין מענש לעבט ניט איזאָלירט פֿון אַנדערע מענשען. ער איז אַ מיטגליעד פֿון אַ פֿאַמיליע, אַ געמיינדע, אַ שבט, אַ פֿאָלק. זיין לעבען ווערט שטענדיג בעאיינפֿלוסט פֿונ'ם פֿאָלקס-לעבען, פֿון דער סביבה אין וועלכער ער לעבט און ווירקט. זיינע אינדיווידועלע תשובה וועט איהם צום ציעל ניט פֿיהרען, כל זמן דער כלל, פֿון וועלכען ער אַלס פרט איז אַבהייננגיג, טהוט ניט תשובה און זוכט איינצונעהמען אַ ריכטיגע שטעלונג צו גאָט. נור צוזאַמען מיט דעם כלל קען ער אַ תשובה שלמה טהון און אַ פֿאָלקאָמענע מחילה עמפּפֿאַנגען. אויסער דעם מוז ער וויסען דאָס אין זיין „על חטא" דאַרפֿען אויפֿגעציילט ווערען ניט נור די חטאים וואָס ער פערזענליך האָט בעגאַנגען נייערט אויך די חטאים פֿונ'ם כלל, ער דאַרף זיך פֿיהלען סאָלידאַריש מיט זיין פֿאָלק, ניט נור האָט זיין פֿאָלק איהם בעאיינפֿלוסט, ער האָט אויך פֿון זיין צד זיינע קליינע סביבה בעאיינפֿלוסט און דורך איהר דעם גאַנצען פֿאָלק. ער איז פֿעראַנטוואָרטליך ניט נור פֿאַר זיך אַליין, נייערט פֿאַר זיינע פֿאַמיליע, פֿאַר די געזעלשאַפֿט, פֿאַר זיין פֿאָלק. יום כפור מוז זיין תשובה טראָגען אַ סאָציאַלען כאַראַקטער, מיט און פֿאַר זיין פֿאָלק זאָל ער תשובה טהון, מיט זיין פֿאָלק זאָל ער בעטען אום מחילה און צוזאַמען מיט איהם זיך פֿרייהען איבער גאָט'ס חסד און רחמים.

אַלס פֿאָלק שטעהט ישראל דעם טאָג און טהוט תשובה, איין קרבן חטאת ווערט געאָפּפֿערט פֿאַר דעם גאַנצען כלל, אַזוי ווי דאָס גאַנצע פֿאָלק וואָלט נאָר געוועזען איין מאַן, אַלע זענען דורכדרונגען פֿון איין

געפּיהל-חרטה, פון איין פערלאַנג — צוריק צו קעהרען צו גאָט, צו זיין העליגען ווילען, צו זיין העליגען לעבען, צו זיינע העליגע ציעלען. איין שמחה וועט באַלד דערפּילען אַלע הערצער, די שמחה, דאָס גאָט האָט דעם גאַנצען פּאָלק געשענקט סליחה ומחילה. די זינדע און שולד, וואָס האָבען ווי אַ מחיצה געטרענט ישראל פון גאָט, זענען געטילגט און ישראל דאַרף ווידער גלויבען אין און זיך פרייהען איבער „קרבת אלהים".

## בזמן שבית המקדש היה קיים,

ווי גליקליך איז ישראל געוועזען! ווי גליקליך האָט זיך יעדער בן־ישראל נאָך יום כפור געקאָנט פּיהלען. *) מיט דוד המלך האָט ער געקאָנט זינגען:

אשרי נשוי פשע, כסוי חטאה
אשרי אדם לא יחשב ה׳ לו עון
ואין ברוחו רמיה.

גליקליך דער (מענש) וואָס זיין איבערטרעטונג איז אַוועקגענומען (דורך דעם שעיר המשתלח) און זיין זינד בעדעקט (מיט דעם בלוט פון שעיר לה׳). גליקליך דער מענש וואָס גאָט רעכענט איהם ניט צו קיין שולד און אין וועמענס גייסט געפינט זיך קיין פאַלשקייט ניט (תהלים ל״ב). ער האָט אויך מיט דוד המלך געקאָנט גאָט לויבען און זאָגען:

ברכי נפשי את ה׳ וכל קרבי את שם קדשו,
ברכי נפשי את ה׳ ואל תשכחי כל גמוליו:
הסולח לכל עונכי הרופא לכל תחלואיכי.

לויב, אָ מיין נשמה, (גאָט) דעם האַר און אַלץ וואָס אין מיר איז זיין העליגען נאָמען. לויב, אָ מיין נשמה, (גאָט) דעם האַר, און פערגעס ניט אַלע זיינע גוטסקייטען, וואָס ער האָט דיר בעוויזען. ער איז עס, וועלכער פערגיט אַלע דיינע שולדען, ער איז עס וועלכער היילט אַלע דיינע קראַנקהייטען (שם קג). איצט האָט ער געוואוסט, דאָס עס איז מיגלעך פאַר איהם זיך מקרב זיין צו גאָט און פאַר גאָט געמיינשאַפט צו האָבען מיט איהם, ווייל די זינדען וואָס האָבען איהם דערווייטערט פון גאָט, זענען איהם פערגעבען. אויסער דעם איז עס איהם איצט מיגלעך געוואָרען גאָט ב״ה צו ליעבען, דען ווען ער דערמאָהנט זיך נאָר אָן דעם גרויסען חסד וואָס גאָט

*) עיין תענית דף כ״ו, ע״ב ודף ל׳ ע״ב: אמר רבן שמעון בן גמליאל, לא היו ימים טובים לישראל כחמשה עשר באב וכיום הכפורים ... שבנות ישראל יוצאות וחולות בכרמים (משנה), ובגמרא: בשלמא יום הכפורים משום דאית ביה סליחה ומחילה. ובכתובות דף קג, ע״ב: תנו רבנן: מת בערב יום הכפירים סימן רע לו, במוצאי יום הכפורים כימן יפה לו, רש״י: במוצאי יום הכפורים נמחלו עוונותיו וסימן יפה לו.

האָט מיט איהם געטהאָן, ווען ער האָט דורך דעם קרבן איהם גערעטעט פֿון דעם עביגען טויט, ווערט זיין האַרץ וואַרם אין איהם און דערפֿילט זיך מיט דאַנקבאַרע ליעבע צו גאָט פֿאַר אַלע זיינע חסדים גרויסע. דיזע ליעבע פֿיה־ט איהם צו דבקות בה׳ און דורך די דאָזיגע דבקות ווערט ער געהעליגט הן בגוף און הן בנפש.

# אין זבח

זאָגט דער נביא. אַ צייט וועט קומען ווען גאָט ב"ה וועט זיינע גרויסע מתנות, דעם משכן און די קרבנות צוריק נעהמען פֿון ישראל. זיין וואוינונג אין ישראל וועט ער לאָזען צערשטערט ווערען צום צייכען, דאָס די שכינה זיינע האָט זיך פֿון ישראל צוריק געצויגען. און די קרבנות וועלען אויפֿהערען צום צייכען דאָס ישראל׳ס זינדע קען שוין מעהר ניט פֿערגעבען ווערען. דאָס וועט זיין דער טרויעריגער צושטאַנד פֿון ישראל אין זיין לאַנגען גלות. ווי ישראל׳ס מלוכה איז חרוב געוואָרען ווען דער „ואין מלך" איז מקוים געוואָרען, אַזוי וועט אויך ישראל׳ס אמונה חרוב ווערען, ווען דער „ואין זבח" וועט מקוים ווערען.

עס איז שוין מעהר ווי אַכטצעהן הונדערט יאָהר זינט אונזער בית המקדש איז חרוב. זייט יענער צייט אָן האָבען מיר ניט אַ כהן גדול און ניט אַ קרבן, ניט אַ שעיר לה׳ און ניט אַ שעיר המשתלח. די מתנה, מיט וועלכער גאָט האָט אונז אַזוי אויסגעצייכענט, איז פֿון אונז צוריק גענומען געוואָרען; דערמיט האָט גאָט אָפֿען און דייטליך דערקלעהרט, דאָס ער קעהרט זיך אָב פֿון אונז, צורייסט דאָס באַנד וואָס האָט איהם צוגעבונדען צו אונז, הערט אויף צו זיין אויף אַ צייט אונזער גאָט און מיר זיין פֿאָלק. זיין וואוינונג איז ניט מעהר ביי אונז. עס פֿעהלען אונז די מיטלען דורך וועלכע אונזער פֿאָלק האָט אַמאָל געקענט בעקומען סליחה און מחילה פֿאַר אַלע זיינע זינד און געוויס ווערען, דאָס עס איז פֿון גאָט געליעבט און גערעכענט אַלס זיין פֿאָלק. און וואָס זענען מיר און וואָס איז אונזער לעבען, ווען אונז פֿעהלט דאָס איינציג נויטיגע, וואָס אָהן דעם דאָס לעבען פֿון אַ מענשען האָט קיין זין און קיין תכלית ניט — ווען אונז פֿעהלט דער צוגאַנג צו גאָט און די געמיינשאַפֿט מיט איהם?! אויף אונז איז מקוים געוואָרען, וואָס גאָט ב"ה האָט געזאָגט דורך ישעיה הנביא: „ברגע קטן עזבתיך" אויף אַ קליינע ווײלע האָב איך דיך פֿערלאָזען, „בשצף קצף הסתרתי פני ממך" ווען מיין צאָרן האָט זיך אָנגעצונדען האָב איך אויף אַ רגע מיין פנים פֿון דיר פֿערבאָרגען (ישעי׳ נד, ז, ח), אָבער די „רגע" דויערט שוין מעהר ווי אַכטצעהן הונדערט יאָהר. גאָט האָט

אונז פֿערלאָזען, ער האָט זיין פנים פֿון אונז פֿערבאָרגען; אָדער מיט די ווערטער פֿון דער גמרא צו רעדען:

מיום שחרב בית המקדש נפסקה חומת ברזל
בין ישראל לאביהם שבשמים,

זייט דער בית המקדש איז חרוב געוואָרען טרענט אַנ׳אייזערנע וואַנד אָב ישראל פֿון זייער פֿאָטער אין הימעל (ברכות לב, ע"ב).

*) מיר יודען בעטראַכטען דעם חורבן פֿון בית המקדש און דעם בטל־ווערען פֿון די קרבנות ניט מעהר ווי אַנ׳עפּיזאָדע אין אונזער געשיכ־טע; רעליגיעז, מיינען מיר, איז קיין שום פֿערענדערונג ניט איינגעטרעטען אין אונזער שייכות צו גאָט און אין זיין שייכות צו אונז; אַלץ איז גע־בליבען ביי׳ם אַלטען, גאָט איז נאָך אונזער גאָט און מיר זענען נאָך זיין פֿאָלק. האָבען מיר קיינע קרבנות ניט וואָס זאָלען מכפר זיין אונזערע זינד, האָבען מיר אַסך אַנדערע מיטלען, וואָס האָבען דעם זעלבען כח, ווען ניט נאָך אַ גרעסערען, אונזערע זינד מכפר צו זיין, ווי גמילת חסד, צדקה, תלמוד תורה, פֿאַסטען, יסורים, דער טויט, דער טויט פֿון די צדיקים, א. ז. וו. עס זענען אָבער פֿאַרהאַנען ערענסטע שמונדע אין לעבען פֿון אַ מענ־שען אָדער פֿון אַ פֿאָלק, ווען מ׳פֿיהלט זיך געצוואונגען דעם ריינעם און נאַקעטען אמת אין די אייגען צו קוקען, זאָל דער רעזולטאַט דערפֿון זיין וואָס עס וויל. אין אַזעלכע שבונדען ערשיינען אונז די פֿאַלשע מיטלען, וואָס מיר האָבען פֿערזוכט אַ לאַנגע צייט זיך מיט זיי צו העלפֿען, אָהנ־מעכטיג און ווערטלויז. אזוי געהט עס אונזער פֿאָלק יום כפּור, אין דער ערנסטער שטונד, ווען עס האַנדעלט זיך אום לעבען און טויט, אום זיין און ניט־זיין. יום כפּור פֿיהלט דאָס פֿאָלק אינסטינקטיוו די פֿירכטערליכע בעדייטונג פֿון „אין זבח", אַלע סוראָגאַטען, פֿאַבריצירט פֿון אונזערע חכמים — רבנים, ווערען ווי שפּריי פֿערויאָגט און פֿערטריבען פֿון ווינד, און די כנסת ישראל פֿיהלט איהרע שרעקליכע אָרעמקייט, די פֿערצוויי־פֿעלטע לאַגע איהרע. הערען מיר זיך צו ווי זי וויינט און קלאָגט און זאָל איהר יאָמער אויך אונזער הערץ ערשיטערן.

צו מוסף דערמאָהנט מען זיך אָן דער עבודה אין בית המקדש און זי ווערט דאָרט געשילדערט לויט דער בעשרייבונג וואָס מיר האָבען פֿון איהר אין מסכת יומא. די שילדערונג אין מחזור שליסט מיט דעם שיינעם פיוט:

אמת, מה נהדר היה כהן גדול
בצאתו מבית קדשי הקדשים.

---

*) דער איבערזעטצער.

יאָ, הערליך און שעהן איז געוועזען דער כהן גדול, ווען ער איז אַרויסגעקומען פֿון קדשי הקדשים.

אשרי עין ראתה כל אלה,
הלא למשמע אזן דאבה נפשנו!
אשרי עין ראתה אהלנו בשמחת קהלנו
הלא למשמע אזן דאבה נפשנו!

גליקליך דאָס אויג, וואָס האָט דאָס אַלץ געזעהן, אָבער מעהר נישט ווי הערען וועגען דעם, דאָס דערפֿילט אונז נאָר מיט עגמת נפש. גליקליך דאָס אויג וואָס האָט געזעהן אונזער געצעלט, ווען דער קהל אונזערער האָט זיך געפֿריהט; אָבער מעהר נישט ווי הערען וועגען דעם, דאָס דערפֿילט אונז נאָר מיט עגמת נפש.

אבל עונות אבותינו החריבו נוה
וחטאתינו האריכו קצו,

אמת, די שולדען פֿון אונזערע אבות האָבען דעם בית המקדש חרב געמאַכט, און אונזערע זינדען האָבען דעם קץ (פֿון גלות) פֿערלייגערט.

אבל אנחנו חטאים ואשמים
במה יתכפרו עונותינו העצומים
גלה ממנו כבוד מבית תפארה
מאז אין לנו סליחה ולא כפרה!

אמת, זינדער זענען מיר און שולדיגע, דורך וואָס אָבער זאָלען אונזערע צאָהלרייכע שולדען פֿערגעבען ווערען? פֿערשוואונדען איז פֿון אונז דער כבוד פֿון פראַכטפֿאָלען הויז, פֿון דעמאָלט אָן האָבען מיר קיין סליחה און קיין כפרה נים.

דירת הקדש כנבנה על מכונו
החיטא מביא קרבן ונסלח לעונו
ואם לא משיג במרובה תקנתו במועט
כי אין לה' מעצור להושיע ברב או במעט.

ווען דער בית המקדש איז נאָך געשטאַנען איינגעבויט אויף זיין פֿונדאַמענט, האָט דער זינדער אַ קרבן געבראַכט, און זיין שולד איז פֿערגעבען געוואָרען, און איז ער נים געווען אימשטאַנד פֿיעל צו ברענגען, איז איהם אויך דורך וועניג געהאָלפֿען געוואָרען, ווייל ביי גאָט איז קיין מניעה נים דורך וועניג ווי דורך פֿיעל צו העלפֿען.

שחתנו דרך ואבדנו אלה וכאלה
תמנו ונשארנו ריקים מאלה ומאלה.

פֿערדאָרבען האָבען מיר דעם וועג און האָבען אַלץ פֿערלוירען; איינ־

הערט האָבען זיי און מיר זענען געבליבען מיט לעדיגע הענד.

אַזוי קלאָגט די כנסת ישראל. מיט אַ ציטערענדער שטימע שטעלט זי די פֿראַגע: במה יתכפרו עונותינו העצומים, דורך וואָס זאָלען פֿערגעבען ווערען אונזערע צאָהלרייכע שולדען? און זי מיז זיך גופא געבען דעם פֿערצווייפֿעלטען ענטפֿער:

מאז אין לנו סליחה ולא כפרה,

פֿון יענער צייט אָן ווי דער בית המקדש איז חרוב האָבען מיר ניט קיין סליחה און ניט קיין כפרה.

אין דער סליחה „אני אני המדבר" טענה׳ט די כנסת ישראל און זאָגט:

„בנטשו המשכן
ולא הושב על כן
בכן באתי ריקן
וכל לבב דוה.

ווייל ער (גאָט) האָט דעם משכן פֿערלאָזען און איהם צוריק ניט אויפֿגעבויט — דערפֿאַר קום איך מיט לעדיגע הענד און מיט אַ הערץ פֿול וועהטאָג.

זדונו הנאלח
וכל חטאת נסלח
בשעיר המשולח
לצוק הר ח״בה.

זיין (דעם מענשען׳ס) שמוציגע פֿרעפֿעל און אַלע זינדען זענען פֿערגעבען געוואָרען דורך דעם שעיר, וואָס איז געשיקט געוואָרען צום פֿעלזיגען באַרג אין מדבר.

חטאי נמחקים
בדמים נזרקים
ועתה נחקקים
ואין למו קצבה.

(דאַמאָלס) זענען מיינע זינדען אויסגעמעקט געוואָרען מיט דעם בלוט וואָס איז געשפּרענגט געוואָרען, איצט אָבער זענען זיי איינגעקריצט און האָבען גאָר קיין סוף ניט.

כבודי ההורק
באפס דם נזרק
והחטא לא נמרק
לבת השובבה.

מיין כבוד איז אויסגעלעערט ווייל דאָס בלוט פֿעהלט, וואָס איז געשפּרענגט געוואָרען; דערפֿאַר בלייבט די זינדע ניט אָבגעוואַשען פֿון דער אָבטריני־גער טאָכטער.

אויך אין דיזען פּיוט הערען מיר די זעלבע טענה: חרוב איז דער בית המקדש, אויפֿגעהערט האָבען די קרבנות און ישראל האָט קיין זינ־דען־פֿערגעבונג ניט. „והחטא לא נמרק לבת השובבה".

אין אַ סליחה צו מנחה פֿון יום כפור בעט די כנסת ישראל אויף פֿאָלגענדע הערצרירענדע ווייזע.

אפסו אשים ובטלו קרבנות
במה נקדם שוכן מעונות
גבר הגון בקרבנו אין לרצותך בתחינות
דרוש רחמים בעדנו למצוא חנינות.

אויפֿגעהערט האָבען די עולות, בטל געוואָרען זענען די קרבנות, מיט וואָס זאָל מיר טרעטען פֿאָר איהם וועלכער רוהט אין דער הויך? עס איז ביי אונז קיינער ניטאָ, וואָס זאָל זיין ראוי דיך איבערצובעטען מיט תחינות, רחמים פֿאַר אונז צו בעטען און גנאָד צו געפֿינען.

הלא מקדם כשגו הורים לפניך
ודאי חטאת ואשם מכפרים פניך
זבח ומנחה סלקו ונהרס בית מעונך
חלות פניך לא נוכל להשיב חרונך.

פֿאַרצייטען ווען אונזערע אבות האָבען פֿאַר דיר געזינדיגט, האָבען זינד־און שולד אָפּפֿער געוויס דיין פנים מכפר־געוועזען; איצט אָבער האָבען שלאַכט — און שפּייזאָפּפֿער אויפֿגעהערט און דאָס הויז פֿון דיין וואוינונג איז צערשטערט, דערפֿאַר קענען מיר אויך ניט צו דיר אַזוי בעטען אַז מיר זאָלען דיין צאָרן שטילען.

טנף שמצתנו במה נדיח ונכפר פשע
יחד קרב ומקריב קצת מלישע,
כפרה אם אין מאין ישע
למלוכלכים בכל יום בחטא ועון ורשע?

דעם שמוץ פֿון אונזער שאַנד — מיט וואָס זאָלען מיר איהם אָבוואַשען? די איבערטרעטונג — מיט וואָס פֿערגעבען? ביידע: דעם קרבן און דעם וואָס איז איהם מקריב ווילסטו ניט העלפֿען. ווען די כפרה פֿעהלט, פֿון וואַנען זאָל ישועה קומען פֿאַר די וואָס פֿעראומרייניגען זיך טאָג איין טאָג אויס דורך זינד, שולד און שלעכטיגקייט?

משוגותינו אתנו תלין באפס תמיד, מנחת ערב,

ניחוחי שחר גם הם פסו המצדיקים שגגת ערב
סרחונות יום יום נוסיף ולא נגרע מקרב
עונות רבו וגברו הרב.

די פֿעראירונגען אונזערע בלייבען ביי אונז, ווייל דאָס שטענדיגע אָבענד־אָפּפֿער האָט אויפֿגעהערט; די מאָרגען אָפּפֿער, וועלכע האָבען די זינד פֿון אָבענד מכפר געוועזען, זיי האָבען אויך אויפֿגעהערט, און אַזוי פֿער־מעהרען מיר אונזערע זינד פֿון טאָג צו טאָג — מיר זינדיגען דאָך ניט וועניגער ווי פֿריהער, דערפֿאַר זענען פֿיעל אונזערע שולדען, יאָ האָבען זיך זעהר שטאַרק פֿערמעהרט.

פסו כל אלה ונשארנו רקים,

אויפֿגעהערט האָט דאָס אַלץ און מיר זענען לעער איבריג געבליבען!

דאָס איז דער פֿערצווייפֿעלטער ודוי פֿון דער כנסת ישראל: זי שטעהט מיט לעדיגע הענד. זי האָט זינדען אָהן אַ צאָהל אָבער קיין סליחה און מחילה נים, שולדען אַסך אָבער קיין כפרה ניט, זי איז שמוטציג און אומריין, האָט אָבער ניט מיט וואָס זיך ריין צו וואַשען:

כפרה אם אין מאין ישע?

# דער עבד ה׳ אין ישעיה נ"ג.

דעם אויפֿמערקזאַמען לעזער האָט זיך געוויס די פֿראַגע אויפֿגע־דרענגט, ווי קאָן עס גאָר מיגלעך זיין, דאָס גאָט, דער „אל מלא רחמים", וועט פֿון זיין פֿאָלק ישראל צוריקנעהמען די מתנות וואָס ער האָט איהם איינמאָל געשענקט און איהם איבערלאָזען „ערום ועריה" נאַקעט און בלויז? געוויס האָבען די רעכט, מיינט ער, וועלכע זאָגען, דאָס גאָר קיין פֿערענ־דערונג איז מיט דעם חורבן בית המקדש ניט איינגעטרעטען אין גאָט׳ס פֿערהאַלטען זיך צו ישראל? אויף דעם איז ערשטענס צו ענטפֿערן, דאָס דער חורבן בית המקד״ש איז אַ היסטאָרישער פֿאַקט און דער „ואין זבח" אויך דאָסגלייכען. ביים ערשטען חורבן האָבען מיר נאָך געהאַט נביאים, וועלכע האָבען אונז אָנגעזאָגט דאָס דער גלות וועט דויערן ניט מעהר ווי זיבענציג יאָהר, און אין גלות בבל האָבען מיר אויך געהאַט נביאים, ווי יחזקאל הנביא, און נאָכ׳ן גלות בבל האָבען מיר ווידער געהאַט נביאים, ווי חגי זכריה און מלאכי, וועלכע האָבען דעם פֿאָלק אין גאָט׳ס נאָמען בעפֿיילען דעם בית המקדש ווידער אויפֿצובויען. אָבער ביים חורבן בית שני האָבען מיר קיינע נביאים מעהר ניט געהאַט, און די פֿערזוכען וואָס מ׳האָט געמאַכט דעם בית המקדש ווידער אויפֿצובויען, ווי צום ביישפּיעל אין בר־כוכבא׳ס צייטען און שפּעטער אין יוליאַנוס אַפּאָסטאַטאַ׳ס צייטען

(אין פֿירטען כריסטליכען יאָהרהונדערט), האָבען געהאַט אַ טרויעריגען סוף. דערמיט האָט גאָט אַזוי דייטליך ווי עס איז נאָר מיגלעך אָנגעוויזען, דאָס ער האָט די מתנה זיינע דעם איצטיגען מאָל צוריקגענומען אין גאַנצען. די חכמים אונזע־ע האָבען אויסגעפֿונען אַנדערע מיטלען, וועלכע נאָך זייער מיינונג זענען בכח מכפּר צו זיין אונזערע זינד. די חכמים זענען אָבער קיינע נביאים, זיי זאָגען ניט: כ ה  א מ ר  ה׳, זיי בעגרינדען זייערע מיי־נונגען אויף פסוקים פֿון תנ"ך, און געבען אונז אָנצוהערען, דאָס די לעהרע זייערע איז ניט אַנדערש ווי דאָס וואָס גאָט האָט אונז געוואָלט זאָגען דורך זיינע העליגע תורה און נביאים. אונטערזוכען מיר אָבער דעם אמת׳ן זין פֿון די דאָזיגע פסוקים שטעלט זיך באַלד אַרויס, דאָס דער פשט פֿון פסוק איז גאָר אַנ׳אַנדערער, דאָס די לעהרע זייערע האָט קיין שום יסוד נישט אין „דברי אלהים חיים", אין גאָט׳ס וואָרט. מיר האָבען אויך געזעהן, דאָס אין זעהר ערענסטע צייטען פֿערגעסט די כנסת ישראל גאָר אין גאַנ־צען אָן די אויבענדערמאָהנטע „מיטלען" פֿון די חכמים און וויינט נעבעך ביטער און קלאָגט: „מ א ז  א י ן  ל נ ו  ס ל י ח ה  ו ל א  כ פ ר ה"; „כ פ ר ה  א ם  א י ן, מ א י ן  י ש ע  ל מ ל ו כ ל כ י ם  ב כ ל  י ו ם  ב ח ט א  ו ע ו ן  ו ר ש ע?" מיר שטעהען בכן ווידער ביים חורבן און מוזען אונז פֿרעגען, וואָס בעדייט דער דאָזיגער שרעקליכער פֿאַקט אין אונזער היס־טאָריע? האָט גאָט זיינע מתנות פֿון אונז צוגענומען און זיך פֿון אונז אויף עביג אָבגעזאָגט?

אַ ריכטיגען ענטפֿער קען אונז נאָר גאָט׳ס אייגען וואָרט געבען. זיך פֿערלאָזען אויף מענשען׳ס רייד איז אין אַזאַ ערענסטען און וויכטיגען ענין געוויס ניט כדי:

כי לא מחשבותי מחשבותיכם
ולא דרכיכם דרכי נאם יהוה

דען מיינע געדאַנקען זענען ניט אייערע געדאַנקען, און אייערע וועגען זע־נען ניט מיינע וועגען. איז דער שפּרוך פֿון (גאָט) דעם האַר.

כי גבהו שמים מארץ
כן גבהו דרכי מדרכיכם ומחשבותי ממחשבתיכם.

דען ווי דער הימעל איז העכער פֿאַר דער ערד, אַזוי זענען מיינע וועגען העכער פֿאַר אייערע וועגען און מיינע געדאַנקען פֿאַר אייערע געדאַנקען (ישעיה נה, ח, ט).

**ישעיה נ"ג** איז די גרויסאַרטיגסטע נבואה וואָס געפֿינט זיך אין תנ"ך.

איבער איהר שוועבט אַ געהיימניס פֿון אַ העכערער וועלט, און נאָר דער גייסט פֿון אויבען קען איבּהעבען דעם פֿאָרהאַנג

עפֿענען דעם ארון קדש און אונז לאָזען זעהן דעם גאָטעס־גערדאנק וואָס ליגט אין דער דאָזיגער נבואה איינגעוויקעלט.

דריי רעדען אין דער דאָזיגער נבואה: גאָט ב״ה, ישראל און דער נביא. גאָט שפּרעכט אין אָנפֿאַנג און דעם סוף פֿון דער נבואה, ישראל אין מיטען, און דער נביא לייטעט-איין און לאָזט אויס ישראל׳ס רעדע.

גאָט פֿערקינדיגט די גרויסקייט פֿון זיין קנעכט, דעם עבד ה׳, וואָס ער וועט דערגרייכען אין דער גאַנצער וועלט, דערפֿאַר וואָס ער האָט זיך אַ מאָל דערנידעריגט און אויף זיך שרעקליכע יסורים גענומען, אַלס אַ כפרה פֿאַר די זינד פֿון די מענשען. — מיין קנעכט, זאָגט גאָט, וועט דערהויבען זיין, דערהויכט ווערען און זעהר גרויס זיין. זעהר ענטזעצט, זעהר געוואונדערט האָבען זיך די מענשען, בעת זיי האָבען געזעהן די איבערמענשליכע יסורים זיינע, איצט אָבער וועט ער ווערען דער גרעסטער אין דער וועלט, אין בעוועגונג וועט ער זעטצען אַסך פֿעלקער, מלכים וועלען אויס עהרפֿורכט זייער מויל פֿאַר איהם ניט עפֿענען און זיך ניט דערוואַגען אַ וואָרט אויסצורײדען, דען וואונדערבאַרע זאַכען וועלען זיי זעהן און הערען, דאָס הייסט: זיי וועלען הערען די וואונדערבאַרע געשיכטע פֿון דעם עבד ה׳ און זעהן דעם מערקווירדיגען ערפֿאָלג וואָס זיין לעבען און ליידען וועלען האָבען ביי מענשען.

דאָס זאָגט גאָט אין אָנפֿאַנג פֿון דער פרשה. און צום שלוס פֿון דער פרשה לאָזט ער אונז הערען די סבה, פֿאַרוואָס זיין קנעכט וועט אַזוי דערהויכט ווערען. ער וועט דערהויכט ווערען און פֿילע מענשען אויף זיין חלק בעקומען דערפֿאַר וואָס ער האָט זיין לעבען אויסגעגאָסען אינ׳ם טויט, געטראָגען אויף זיך די זינד פֿון פֿילע און רחמים געבעטען פֿאַר די פשעים, די איבערטרעטער. ער האָט פֿערדינט די גדולה, ער האָט גענוג פֿאַר איהר געליטען, אָבער אויך אין זיין גדולה פֿערגעסט ער די זינדיגע מענשען ניט: גאָט׳ס קנעכט דער צדיק מאַכט פֿילע גערעכט, מאַכט זיי צו צדיקים, אין דעם וואָס ער נעהמט און טראָגט אויף זיך זייערע שולדען. דורך איהם ווערען די מענשען בעפֿרייט פֿון זייער זינד און שולד. דורך איהם בעקומען זיי סליחה ומחילה, דורך איהם ווערען זיי צדיקים פֿאַר גאָט ב״ה. ער איז בכן דער גרעסטער וואָהלטעטער אין דער וועלט. קיין וואונדער ניט דאָס ער איז אַזוי אָנגענומען ביי מענשען, דאָס ער פֿערנעהמט אַזאַ הויכען פּלאַטץ אין דער וועלט.

אַזוי זאָגט גאָט.

דער צווייטער וואָס רעדט אין דער נבואה איז ישראל, דאָס הייסט, דער נביא זאָגט נביאות, דאָס אַ צייט וועט קומען ווען ישראל וועט אַזוי

זאָגען. הערען מיר זיך צו ישראל׳ס רייד. עס איז אַ וידוי. ישראל אַלס פאָלק שטעהט פאַר גאָט און זאָגט וידוי, און אין דעם „על חטא" זיינעם דערצעהלט ישראל ווי שלעכט ווי גרויזאַם ער האָט בעהאַנדעלט איהם, וועלכען גאָט רופט „עבדי" מיין קנעכט, „בחירי רצתה נפשי" מיין אויסערוויהלטער, וועלכען די זעלע מיינע ליעבט. ישראל דערצעהלט אין זיין „על חטא", ווי גערינג דער עבד ה׳ האָט אויסגעזעהן, בעת ער האָט געלעבט און געווירקט אין ישראל. ער איז גלייך געוועזען צו אַ דינעם און מאָגערן צווייגעלע וואָס וואַקסט אין אַ וויסטער און אויסגעטרוקענטער ערד, עס איז אויף איהם נישט געוועזען וואָס צו זעהען, וואָס דאָס אויג קען דערפון הנאה האָבען, קיין ערדישער גלאַנץ אָדער פראַכט, גאָרנישט פון דעם וואָס האָט ביי וועלטליכע מענשען אַ גרויסען ווערט. דערפאַר איז ער אויך פון די פיהרערס פונ׳ם פאָלק געוועזען גערינג געשעצט און געמיעדען. דערצו איז ער נאָך געוועזען אַ גרויסער בעל-יסורים, יסורים וואָס מענשען האָבען איהם אָנגעטהאָן. דערפאַר האָט ישראל איהם פעראַכטעט, איהם אפילו ניט געוואָלט אָנקוקען, קיין שום ווערט אויף איהם נישט געלעגט. ישראל אַליין פערפאָלגט איהם און אין דערזועלבער צייט גלויבט ישראל דאָס דער עבד ה׳ ליידט פאַר זיינע אייגענע זינד. דאָס הייסט, ישראל איז רודף דעם עבד ה׳ אַזוי ווי ער וואָלט געוועזען אַ שרעקליכער זינדער. דערפאַר האָט ישראל געקאָנט גלייכגילטיג צו זעהן, ווי ער איז צו שטאָכען, צושלאָגען און פערוואונדעט געוואָרען.

אין זיין „על חטא" דערמאָהנט זיך ישראל אָן דער שרעקליכער טראַגעדיע, וואָס האָט זיך אָבגעשפילט מיט דעם עבד ה׳. די ליידען-געשטאַלט פון גאָט׳ס קנעכט שטעהט איהם פאַר די אויגען. בעדרענגט און געפייניגט — און דאָך האָט ער, דער ליידענדער, זיין מויל ניט געעפענט זיך צו בעקלאָגען. ווי אַ שאָף וואָס ווערט געפיהרט צור שחיטה, ווי אַ לאַמם וואָס ווערט געשוירען, אַזוי האָט ער זיין מויל ניט געעפענט. פון געפענגענים און געריכט ווערט ער מיט געוואַלט געפיהרט — אַ שרעקליכען טויט צו ליידען, ער ווערט אָבגעשניטען פונ׳ם לאַנד פון די לעבעדיגע, ער איז ניט נאָר צו די פערברעכערס געצעהלט געוואָרען, מ׳האָט אויך בעשטימט זיין קבר צווישען פערברעכער...

איצט אָבער זעהט ישראל איין זיין שרעקליכען טעות, ער איז ניט געוועזען, ווי ישראל האָט די גאַנצע צייט געגלויבט, אַ „מכה אלהים ומענה", אַ פון-גאָט-געשלאָגענער און געפייניגטער, דען ער האָט געליטען „על לא חמס עשה ולא מרמה בפיו, ד. ה. גאָר איננאַנצען אונשולדיג, האָט געליטען אַלס אַ צדיק.

אונשולדיג האָט ער געליטען, אָבער פֿאַר וועמען? פֿאַר אונז! אונזערע קראַנקייטען האָט ער געטראָגען, אונזערע ווייהעטאָגען — זיי האָט ער אויף זיך גענומען. פֿאַר אונזערע זינד איז ער צושטאָכען געוואָרען, פֿאַר אונזערע שולדען איז ער צושלאָגען געוואָרען, די שטראָף וואָס האָט אונז געזאָלט ברענגען שלום איז איבער איהם געקומען און דורך זיין וואונד ווערען מיר געהיילט. בעת דער עבד ה׳ האָט פֿאַר אונז געליטען, האָבען מיר אַרומגעבלאָנדזעט ווי שאָף, אָבגעטראָטען פֿון גאָט׳ס וועג, יעדער פֿון אונז איז זיך געגאַנגען זיין אייגענעם וועג, איז נאָכגעגאַנגען זיינע אייגענע פּערזענליכע אינטערעסען, קיינער האָט זיך אום גאָט ניט געקימערט. און דעמאָלט — ווען די גרעסטע רעליגיעזע גלייכגילטיגקייט און דער וועלטליכער עגאָאיזם האָבען געהערשט ביי אונז, — האָט גאָט אויף א י ה ם געלעגט די שולד פֿון אונז אַלע, און פֿאַר אונז איז ער געשטראָפֿט געוואָרען.

איצט האָט ישראל ביטער חרטה אויף זיין שרעקליכען טעות, בעקלאָגט און בעוויינט זיינע אייגענע בלינדקייט, דאָס ער האָט אין גאָט׳ס קנעכט, אין גאָט׳ס אויסגעווייהלטען און געליעבטען, געקענט זעהן אַ „מכה אלהים ומענה". קען אַזאַ בלינדקייט פֿערגעבען ווערען? מוז ניט ישראל מיט קין, דעם ברודער מערדער, אויסרופֿען: ג ד ו ל ע ו נ י מ נ ש ו א! צו גרויס איז מיין שולד דאָס זי זאָל קענען פֿערגעבען ווערען?

דאָ קומט דער נביא ישראל צו הילף און פֿערקינדיגט איהם די טיעפֿע כונה פֿון דעם עבד׳ס ליידען און שטאַרבען. וויסען זאָלסטו ישראל, דאָס „ויהיה חפץ דכאו החלי". גאָט האָט געוואָלט ער זאָל אַזוי שרעקליך ליידען, כדי ער זאָל דורך זיין אונשולדיג ליידען ווערען אַ קרבן אשם, וואָס נעהמט און טראָגט אויף זיך די שולדען פֿון פֿיעלע. אויך דיין שולד, ווי גרויס זי מעג זיין, וועט ער אויף זיך נעהמען, און דו וועסט דורך איהם סליחה ומחילה בעקומען, דורך גאָט׳ס קנעכט דעם צדיק, גערעכט ווערען פֿאַר גאָט און שלום האָבען. אין דיזער בשורה גלויבט ישראל און רופֿט טיעף בעגליקט אויס: ב ח ב ו ר ת ו נ ר פ א ל נ ו, דורך זיין וואונד זענען מיר געהיילט געוואָרען.

דאָס איז ישראל׳ס נאַציאָנאַלער וידוי, דאָס איז זיין גרויסער „על חטא". ישראל האָט אַלס פֿאָלק אַ הימעל-שרייענדען פֿערברעכען בעגאַנגען. ישראל האָט גאָט׳ס אויסגעווייהלטען און געליעבטען, וועלכער איז בעשטימט געוועזען צו זיין אַ ליכט פֿאַר אַלע פֿעלקער און גאָט׳ס ישועה אין דער גאַנצער וועלט, פֿעראַכטעט, פֿערוואָרפֿען, געטויטעט און איהם אַ לאַנגע צייט געהאַלטען פֿאַר אַ זינדער, וועלכען גאָט האָט געשטראָפֿט מיט אַ גרויס

שטראָף. איצט אָבער זעהט ישראל איין זיין פֿירכטערליכען טעות, האָט חרטה אויף זיינע זינד, איז מודה אין זיין „על חטא" אז פֿאַר גאָט און אז פֿאַר מענשען, דאָס ער האָט זיך פֿערזינדיגט געגען גאָט און געגען זיין קנעכט, און גלויבט דאָס דער עבד ה׳ איז דער גרויסער און איינציגער קרבן אשם, וועלכער איז מכפר פֿאַר גאָט אויף זיינע זינד. און וואָס ענטפֿערט גאָט אויף ישראל׳ס וידוי? גאָט ענטפֿערט:

ברגע קטן עזבתיך וברחמים גדולים אקבצך, בשצף קצף הסתרתי פני רגע ממך, ובחסד עולם רחמתיך אמר גאלך ה׳. אויף אַ קליינע ווילע האָב איך דיך פֿערלאָזען, אָבער מיט גרויס רחמים וויל איך דיך פֿערזאַמעלן. ווען מיין צאָרן האָט זיך אָנגעצונדען, האָב איך מיין פנים אויף אַ רגע פֿערבאָרגען פֿון דיר, אָבער מיט עביגער ליעבשאַפֿט וויל איך מיך מרחם זיין איבער דיך, אַזוי זאָגט דער האַר דיין גואל (ישעיה נד, ז. ח).

---

די נבואה אין ישעי׳ נ״ג בעהאַנדעלט, ווי מיר זעהן, דריי גרויסע און וויכטיגע ענינים: א) ישראל׳ס נאציאָנאַל־זינד; ב) ישראל׳ס נאציאָנאַל־תשיבה; ג) גאָט׳ס גרויסע מתנה צו דער מענשהייט.

א) **ישראל׳ס נאציאָנאַל־זינד.** ווי מיר האָבען געזעהן בעשטעהט זי אין דעם וואָס ישראל אַלס פֿאָלק האָט פֿערוואָרפֿען דעם עבד ה׳, דעם אויסגעוויילטען און איינציג געליעבטען פֿון גאָט, וועלכען גאָט האָט בעשטימט צו זיין אַ ליכט פֿאַר די פֿעלקער („אור גוים" ישעיה מב, ו; מט, ו), וואָס אויף זיין תורה וואַרט און האָפֿט די גאַנצע וועלט, די אפילו וואָס וואוינען אויף די וויטעסטע אינזעלן („ולתורתו איים ייחלו" מב, ד), וועלכער איז אין זיין פערזאָן די „ישועת ה׳" פֿאַר די גאַנצע וועלט (להיות ישועתי עד קצה הארץ" מט, ו), יאָ וועלכער האָט בעקומען דעם אויפֿטראַג פֿון גאָט כ״ה די שבטים פֿון יעקב ווידער אויפֿצוריכטען און די איבערגעבליבענע פֿון ישראל צוריקצוברינגען צו גאָט (שם). אין דיזער זינד האָבען ישראל׳ס אַלע פֿריהערע זינדען דערגרייכט זייער העכסטע שפיטץ, זייער קולמינאַציאָנס־פּונקט, דיזע זינד איז אַ נאַציאָנאַלער איפֿרוהר געגען גאָט. דער עבד שטעהט גאָט אַזוי נאָהענט, גאָט איז מיט איהם אַזוי איינציג און ענג פֿערבונדען, דאָס צו פֿערווערפֿען איהם הייסט גאָט גופא פֿערווערפֿען, איהם האַסען און פֿעראַכטען הייסט גאָט גופא האַסען און פֿעראַכטען. נאָך אַזאַ פֿיינדליכער עמפֿערונג געגען גאָט, מוז גאָט זיך גענויטיגט פֿיהלען זיין שכינה פֿון ישראל צוריק צו ציהען, זיין וואוינונג אין ישראל חרוב צו מאַכען און די מתנות זיינע, וואָס ישראל האָט ביזהער בעזעסען, פֿון ישראל צוריק צו נעהמען. נאָך

אַזאַ זינד האָט דער חורבן געמוזט קומען. מיר זעהען דאָס ישעיה נ״ג גיט אונז דעם אמת׳ן שליסעל צום פערשטעהען אונזער געשיכטע. גאָט פערלאָזט ישראל און בעהאַלט זיין פנים פון איהם, ווייל ישראל האָט גאָט פערוואָרפען אין דער פערזאָן פון זיין אויסגעוויילטען און איינציג געליעבטען קנעכט.

ב) **ישראל׳ס נאַציאָנאל תשובה.** די דאָזיגע תשובה מוז בעשטעהען דערין, דאָס ישראל נעהמט איין אַ ריכטיגע שטעלונג צו דעם עבד ה׳ און דערמיט אויך צו גאָט. ישראל מוז ענדערן זיינע געדאַנקען וועגען דעם עבד, איהם בעטראַכטען אין דעם ליכט פון גאָט׳ס וואָרט, אין איהם זעהן דאָס וואָס גאָט זעהט אין איהם. ישראל מוז ענדערען זיינע געדאַנקען וועגען זיינע אייגענע געשיכטע, מוז אויפהערען צו זעהן אין זיין לאַנגער התנגדות צום עבד אַן אויסדרוק פון פרומקייט און טריישאַפט צו גאָט. אומגעקעהרט, ישראל מוז איצט אין דיזער לאַנגער התנגדות זעהן נישט ווי זינד און אָבפאַל פון גאָט. ישראל מוז זיך איצט שעמען איבער זיינע געשיכטע, וואָס איז אויסגעפילט פון ביטערער התנגדות צום עבד ה׳, חרטה האָבען אויף זיין גאַנצען עבר, און אין דער צוקונפט שטרעבען צו ווירקען פאַר די אידעאַלען, וועלכע דער עבד ה׳ איז געקומען צו פער־ווירקליכען אויף דער ערד, קורץ, דער גרויסער יום כפור מוז נאָך פאַר ישראל קומען, ווען כל ישראל ווי א י י ן מאַן וועט זיך אַויעקשטעלען פאַר גאָט און דעם וידוי הגדול פון ישעיה נ״ג זאָגען מיט אַ צובראָכען הערץ. ערשט נאָך אַזאַ תשובה קען די גאולה פאַר ישראל קומען.

ג) **גאָט׳ס גרויסע מתנה צו דער מענשהייט.** ווען ישראל וועט תשובה טהון, וועט ער סליחה ומחילה בעקומען פאַר אַלע זיינע זינד, און בפרט פאַר זיין גרויסע נאַציאָנאַל־זינד, נור דורך דעם גלויבען אין דעם עבד ה׳. דיזע אמונה דריקט דער נביא אויס אין די ווערטער: א כ ן ח ל י נ ו ה ו א נ ש א ו מ כ א ב י נ ו ס ב ל ם — יאָ, אונזערע קראַנקייטען האָט ער געטראָגען און אונזערע וויהטאָגען — זיי האָט ער אויף זיך גענו־מען. ו ה ו א מ ח ל ל מ פ ש ע י נ ו, מ ד כ א מ ע ו נ ו ת י נ ו, מ ו ס ר ש ל ו מ י נ ו ע ל י ו ו ב ח ב ו ר ת ו נ ר פ א ל נ ו — פאַר אונזערע זינדען איז ער צושטאָכען, פאַר אונזערע שולדען איז ער צושלאָגען, די שטראָף וואָס זאָל אונז ברייגנען שלום (פריד) איז איבער איהם געקומען, און דורך זיין וואונד ווערען מיר געהיילט. ו ה׳ ה פ ג י ע ב ו א ת ע ו ן כ ל נ ו — און גאָט האָט איהם געלאָזט טרעפען די שולד פון אונז אַלע, ד. ה. פאַר אונזערע שולד האָט ער דעם טויט געליטען. אַליין די ליידען און דער טויט פונ׳ם עבד ה׳ זענען מכפר די זינד פון ישראל, און ישראל ווערט געהיילט ד. ה. דערלויזט נור דורך זיינע וואונדען, אָדער ווי דער נביא זאָגט:

# ועונותם הוא יסבל

## און זייערע שולדען וועט ער טראָגען.

מיר זעהן, אַז דאָ איז די רייד וועגען אַ קרבן און וועגען כפרה. דער קרבן איז דער עבד ה', ער איז זיך מקריב פֿאַר ישראל און אַלע מענשען. ווען ישראל פֿערווערפֿט און טויטעט איהם צולעצט, איז דאָס אַזאַ גרויסע זינד, וואָס איהר לייגנג און ברייט, הויך און טיעף קיין מענש איז ניט אין שטאַנד צו מעסטען. דער עבד ה' ליעבט אָבער זיין פֿאָלק, ער וויל קיין נייע שולד אויף איהם ניט לעגען, דערפֿאַר נעהמט ער ישראל'ס אַלע זינדען, און בפֿרט זיינע לעצטע גרויסע זינד און שולד, אויף זיך און טראָגט אַלע זיינע יסורים און נעהמט דעם טויט אויף זיך ווילינ, אַזוי ווי ער וואָלט דאָס פֿערדינט. ער בעקלאָגט זיך ניט איבער זיינע ליידען און ער קלאָגט קיינעם ניט אָן, ער ליידט שטיל. „והוא חטא רבים נשא", און ער האָט די זינד פֿון פֿילע געטראָגען „ולפשעים יפגיע און פֿאַר די איבערטרעטער האָט ער רחמים געבעטען, זאָגט גאָט פֿון איהם.

און גאָט ב"ה נעהמט אָן זיין קרבן ברצון, דורך זיין קרבן קען יעדער בעל תשובה בעקומען סליחה ומחילה פֿאַר אַלע זיינע זינד, דען ו ע ו נ ת ם ה ו א י ס ב ל , זייערע שולדען וועט ער טראָגען. פֿון איצט אָן גיט עס נאָר איין קרבן וועלכער קען מכפר זיין אונזערע זינד און אונז מקרב זיין צו גאָט, און דאָס איז דער קרבן פֿון עבד ה'.

אין דעם טאָג ווען דער עבד ה' האָט זיך מקריב געוועזען פֿאַר די זינד פֿון אַלע מענשען, זענען די אַלטע קרבנות בטל געוואָרען. די אַלטע קרבנות זענען נאָר געוועזען רמזים אויף זיין קרבן; ווען דאָס עביגע קומט, פֿערלירט דאָס צייטליכע זיין ווערט; ווען די גרויסע מתנה ווערט געגעבען צו די מענשען, די מתנה וואָס איז אין זיך כולל אַלץ, וואָס די פֿילע קליינע מתנות האָבען אונז געגעבען, און נאָך מעהר, האָבען די קליינע מתנות זייער ציעל דערגרייכט און מ'קען זיי אַוועקשטעלען אָן דער זייט.

איצט, מענשען, קומט און זעהט גאָט'ס וואונדער און די גרויסע חסדים זיינע. אין דעם טאָג ווען די שרעקליכע הריגה האָט זיך צו גע־טראָגען, ווען ישראל'ס זינד האָט דערגרייכט איהר הויכסטע שפּיטץ, אין יענעם טאָג האָט גאָט געלעגט דעם גרונד צו דער ישיעה פֿון ישראל און דער גאַנצער וועלט. אין דעם טאָג, ווען ישראל'ס געגנערשאַפֿט צו גאָט האָט אָנגענומען דעם כאַראַקטער פֿון אַ ביטערער שנאה צו גאָט'ס קנעכט דעם צדיק, אַ שנאה וואָס האָט ניט גערוהט ביז זי האָט גאָט'ס אויסגע־וויהלטען און איינניג געליעבטען קנעכט געפּייניגט צום טויט; אין יענעם

טאָג האָט זיך אַנטפּלעקט גאָט'ס ליעבע צו זינדיגע מענשען אין איהר גאַנצען הימלישען גלאַנץ און הערליכקייט. אויס ליעבע צו זיין פֿאָלק נעהמט דער עבד ה' אויף זיך די יסורים, ענויים און בזיונות, וואָס זיין פֿאָלק טהוט איהם אָן, און צולעצט אויך אַ שענדליכען טויט; ער נעהמט דאָס אַלץ אויף זיך וויליג, אַזוי ווי ער וואָלט דאָס אַלץ פֿערדינט, ער נעהמט אַלע זינד פֿון ישראל אויף זיך און מיט זיינע יסורים און זיין טויט וויל ער, דער צדיק, זיי מכפּר זיין. כדי ישראל — דאָס פֿאָלק וואָס האַסט און פֿעראַכטעט איהם, וואָס פּייניגט און טויטעט איהם — זאָל דורכדעם דערלייזט ווערען מיט אַן עביגער גאולה. קען מען זיך דענקען אַ גרעסערע, הויכערע און פֿאָלקאָמענערע ליעבע? אין אמת'ן, דאָס הייסט זיינע פֿיינד ליעבען! די וואונדען, וואָס ישראל שלאָגט איהם, וועלכע האָבען בעדאַרפֿט זיך אַנידערשטעלען פֿאַר גאָט און שרייען:

נקום נקמת דם עבדך השפוך!

דורך די דאָזיגע וואונדען וועט ישראל געהיילט ווערען פֿון אַלע זיינע בייזע קראַנקייטען. ובחבורתו נרפא לנו. און גאָט און דער עבד האַנדלען בדעה אחת. דער קנעכט ליידעט וויליג, און עס איז אויך גאָט'ס ווילען דאָס ער זאָל ליידען; דער קנעכט וויל דורך זיינע יסורים און זיין טויט מכפּר זיין די זינד פֿון דער וועלט, און גאָט נעהמט אָן זיין ליידען און טויט אַלס קרבן „דערפֿאַר וואָס ער האָט אויסגעגאָסען זיין לעבען אין דעם טויט, איז געצעהלט געוואָרען צו די איבערטרעטער, די זינד פֿון פֿילע אויף זיך געטראָגען און פֿאַר די פּשעים — די זינדער — רחמים געבעטען" (נג, יב). און גאָט גיט איהם די הבטחה, דאָס ער, זיין קנעכט דער צדיק, וועט פֿון איצט אָן פֿילע מענשען גערעכט מאַכען און זייערע שולדען אויף זיך נעהמען. אַזאַ וואונדער פֿון גאָט'ס חסד האָט די וועלט געוויס ניט דערוואַרט. דערפֿאַר זאָגט דער נביא:

אשר לא ספר להם ראו ואשר לא שמעו התבוננו.

דאָס וואָס איז זיי ניט דערצעהלט געוואָרען האָבען זיי געזעהן און דאָס וואָס זיי האָבען ניט געהערט האָבען זיי איצט בעטראַכט (ישעיה נב, טו).

---

ווער איז דער עבד ה', פֿון וועלכען ישעיה נ"ג שפּרעכט? איז ער שוין געקומען אָדער וועט ער נאָך קומען? — אויף דיזע פֿראַגע וואָלט איך וועלען דעם לעזער ענטפֿערן מיט פֿיער אַנדערע פֿראַגעס:

א) וועלכען צדיק האָט ישראל געהאַלטען פֿאַר אַ רשע, איהם ווי אַ רשע בעהאַנדעלט, פֿערפֿאָלגט, געפּייניגט און צולעצט געטויטעט?

ב) וועלכען צדיק האַלט ישראל נאָך עד היום פֿאַר אַ רשע, און בע-

הויפּטעט, דאָס די יסורים וואָס ער האָט אַ מאָל געליטען זענען געווען די פֿערדינטע שטראָף פֿאַר זיינע זינד?

ג) וועלכער צדיק, פֿון ישראל פֿערוואָרפֿען און נאָך עד היום געהאַסט און פֿעראַכטעט, איז אָנגענומען געוואָרען ביי דער וועלט, האָט דאָרטען דערגרייכט די הויכסטע גדולה, און איז פֿאַר די פֿעלקער געוואָרען דאָס „אור גוים" און די „ישועת ה' עד קצה הארץ"?

ד) וועלכער צדיק, פֿון וועמען אונזערע געשיכטע וויים נאָר עפּעס צו דערצעהלען, האָט ממש אַזוי געליטען ווי ס'איז בעשריבען אין ישעיה נג: שטיל, זאַנפֿטמוטיג, וויליג, בעטענדיג פֿאַר זיינע שונאים?

נור איינער, און דאָס איז:

ישוע בן-יוסף מבית דוד!

---

פֿערציג יאָהר פֿאַר'ן חורבן, איז ישוע פֿון זיין פֿאָלק פֿערוואָרפֿען געוואָרען. פֿערציג לאַנגע יאָהר האָט גאָט ב"ה געוואַרט אויף ישראל'ס תשובה, דאָס ישראל וועט חרטה האָבען אויף דעם וואָס איז געשעהן יענעם ערב פּסח, ווען ישראל אַלס פֿאָלק האָט געשריען אויף אַ קול: „הצלב אותו, הצלב אותו, קרייציגע איהם, קרייציגע איהם", און מיט אַ צובראָכען הערץ זאָגען דעם „וידוי הגדול" פֿון ישעיה נ"ג. נאָט האָט אָבער אומזיסט געוואַרט. די תלמידים פֿון ישוע זענען אין די וועלט אַרויסגעצויגען און האָבען אומעטום אָנגעזאָגט די גוטע בשורה ווע־ען דער ליעבע פֿון גאָט און זיין קנעכט ישוע, וואָס האָט זיך אַנטפּלעקט יענעם ערב פּסח, און פֿילע מענשען האָבען געגלויבט אין דער בשורה און זע־ען צדיקים געוואָר־ען פֿאַר גאָט; אויך יחידים אין ישראל זענען מאמינים געוואָרען, דער כלל ישראל איז אָבער טויב און בלינד געבליבען. און אַזוי איז יענער תשעה באב געקומען מיט דעם שרע־ליכען חורבן, דעם חורבן פֿון ירושלים און דעם חורבן פֿון בית המקדש. זייט יענער צייט איז אויף אונז מקוים געוואָרען דער „ואין זבח" און יום כפור מוז דאָס פֿאָלק וויינען און שרייען:

כפרה אם אין מאין ישע
למלוכלכים בכל יום בחטא ועון ורשע?

ניט דאָס גאָט, דער „אל מלא רחמים", איז איין אכזר געוואָרען. דען די ליעבע זיינע האָט זיך אַנטפּלעקט אין איהר גאַנצער הערליכקייט און מאַכט דערנסמאָלט, ווען ישראל'ס זינדע האָט זיך געצייגט אין איהר גאַנצער מורא'דיגער געשטאַלט, אָבער ישראל וויל גאָט'ס ליעבע ניט אַנערקענען, ישראל שטויסט אָב פֿון זיך גאָט'ס העלפֿענדע האַנד, און דער עבד יהוה איז נאָך עד היום פֿאַר איהם דער „מכה אלהים ומענה".

ווי לאַנג וועט דער ביטערער גלות נאָך דויערן, דער גלות מיט אַלע זיינע ליידען, צרות און בזיונות? מיר ווייסען נים. אָבער איינס ווייסען מיר: ווי דער טהייל פֿון ישעיה נ״ג איז מקוים געוואָרען, וועלכער האָט נביאות געזאָגט, דאָס ישראל וועט דעם עבד ה׳ פֿערוואָרפֿען, אַזוי וועט אויך דער אַנדערער טהייל פֿון ישעיה נ״ג מקוים ווערען, וועלכער זאָגט נביאות, דאָס ישראל וועט אַמאָל נאָך תשובה טהון, חרטה האָבען אויף דעם, וואָס ער האָט דעם עבד ה׳ פֿערוואָרפֿען, און איהם גלויבען און דורך זיינע וואונדען געהיילט ווערען.

---

לאָמיר צוריק-קעהרען צו אונזער פסוק אין הושע ג׳. מיר האָבען בעטראַכט דאָס וואָרט „אין זבח״ און האָבען געצייגט וואָס דער נביא האָט אונז געוואָלט זאָגען מיט דעם וואָרט. איצט וועלען מיר בעטראַכטען דאָס צווייטע וואָרט פֿון דעם צווייטען פּאָר.

**ואין מצבה.** אין דער לאַנגער גלות-צייט וועט ישראל נים קענען ריכטיג גאָט דינען, נאָך דעם געבאָט פֿון דער תורה:

אָבער אין דערזעלבער צייט וועט ישראל אויך קיין עבודה-זרה נים טרייבען, דאָס איז דער טעם פֿונ׳ם וואָרט „אין מצבה״. כל זמן ישראל האָט געלעבט אין זיין אייגען לאַנד אונטער זיין אייגענעם קעניג, האָט ער צייטען-ווייז גאָט געדיענט און צייטען ווייז „עבודה זרה. בעת זיי האָבען גאָט געדיענט האָבען זיי קיין עבודה-זרה נים געטריבען, און אומגעקעהרט, בעת זיי האָבען די געטצען געדיענט האָבען זיי גאָט נים געדיענט. אין די לאַנגע „בין הזמנים״ אָבער וועט ישראל קיינעם נים דיענען, נים גאָט און נים דער עבודה זרה. דאָס איז אויך אות באות מקוים געוואָרען. אין דעם משך פֿון גלות בבל איז ישראל גרינדליך געהיילט געוואָרען פֿון זיין עבודה-זרה-קראַנקייט. פֿאַר דעם גלות איז דער יצר הרע אין זיי געטצענדיענסט צו טרייבען געוועזען אַזוי שטאַרק, דאָס קיין שום מיטעל האָט זיי נים געקאָנט דערפֿון אָבהאַלטען. אומזיסט האָבען די נביאים זיי גע׳מוסרט, אומזיסט האָט גאָט זיי געשטראָפֿט, קיין זאַך האָט נים געהאָלפֿען. אָבער צוריק-קומענדיג פֿון בבל זענען זיי אין גאַנצען בעפֿרייט געוועזען פֿון דעם דאָזיגען יצר הרע. פֿון דעמאָלט אָן האָבען זיי תכלית שנאה געהאַסט עבודה-זרה און אַלץ וואָס שטעהט מיט איהר אין פֿערבינדונג, און אַזוי איז עס נאָך עד היום. געוויס קען מען עבודה-זרה טרייבען אויך אויף אַ פֿיינערען אופן, דאָס טהוט מען ווען מען ליעבט געלד, כבוד אָדער תענוגים פֿון עולם הזה און פֿערגעסט פֿון זייערט וועגען אָן גאָט און זיין הייליגען רצון. אַזעלכע בעלי-עבודה-זרה געפֿינען זיך ליידער ביי אונז יודען נים

ווענינע, סיי ביי די פֿרומע און סיי ביי די אויסגעלאַסענע, און די זינד פֿון דער פֿיינער ע"ז איז אין גאָט'ס אויגען ניט קלענער פֿאַר דער זינד פֿון דער גראָבער ע"ז. אָבער פשוט'ע געטצען האָט מען אין ישראל פֿון גלות בבל אָן ניט געדינט. מקוים געוואָרען איז דאָס וואָרט:

ימים רבים ישבו בני ישראל — אין מצבה.

---

## ג.

# וְאֵין אֵפוֹד וּתְרָפִים.

דאָס איז דאָס לעצטע פּאָר פֿון די דריי זוגות, און דער בעסטער פירוש צו די דאָזיגע ווערטער גיט אונז ר' דוד קמחי (רד"ק). ער זאָגט: „ואין אפוד ותרפים. אין אפוד לאל שיהיה מגיד העתידות כאורים ותומים, ואין תרפים לעכו"ם, שהם מגידים העתידות לדעת המאמינים בהם", ד. ה. זיי וועלען קיין אפוד ניט מאַכען פֿאַר גאָט, ער זאָל זיי פֿאָראויסזאָגען דאָס צוקונפֿטיגע, ווי די אורים און תומים האָבען דאָס געטהאָן; און זיי וועלען אויך קיינע תרפים מאַכען פֿאַר דער עבודה־זרה, זיי זאָלען פֿאָראויסזאָגען דאָס צוקונפֿטיגע, לויט דער מיינונג פֿון די וואָס גלויבען אין זיי.

אין אפוד זענען געוועזען איינגעשלאָסען די אורים און תומים, וואָס דורך זיי האָט גאָט אויף אַ געהיימניספֿאָלען אופן בעקאַנט געמאַכט זיין רצון פֿאַר ישראל. בעת יהושע איז איינגעזעצט געוואָרען אַלס משה'ס נאָכפֿאָלגער צום פֿיהרער פֿון ישראל, האָט גאָט אַזוי געבאָטען: ולפני אלעזר הכהן יעמד ושאל לו במשפט האורים לפני ה', על פיו יצאו ועל פיו יבאו הוא וכל בני ישראל אתו וכל העדה. און פֿאַר אלעזר דעם כהן זאָל ער זיך שטעלען, און יענער זאָל פֿאַר גאָט פֿרעגען פֿון זיינעט וועגען דעם בעשייד פֿון די אורים. נאָך זיין אָנווייזונג זאָלען זיי אויס — און איינציהען, ער און אַלע קינדער ישראל מיט איהם און די גאַנצע געמיינ־דע (במדבר כז, כא). שפּעטער, ווייסען מיר, פֿלעגט דוד המלך אין שווערע צייטען זיך ווענדען צו אביתר הכהן מיט די ווערטער: הגישה האפוד,

ברינג אַהער דעם אפוד, און אביתר פֿלעגט ביי גאָט פֿרעגען דורך דעם אפוד, און גאָט פֿלעגט אויף דעם אופן פֿאַר איהם בעקאַנט מאַכען זיין רצון. (שמואל א-כג, ט-יב; ל, ז. ח)

דערפֿון קענען מיר זעהן דאָס דער אפוד, ווי וואויל ער האָט געהערט צו די בגדי כהונה, האָט געהאַט אַ פֿיעל גרעסערע שייכות צו דער נבואה אַלס צו דער כהונה, דען דורך איהם האָט גאָט גערעדט צו זיין פֿאָלק ווי שפעטער דורך די נביאים. דאָס דער כהן גדול האָט אַ צייט לאַנג דורך דעם אפוד פֿערטרעטען דאָס אַמט פֿון די נביאים האָט געזאָלט דיע־נען אַלס אַ רמז, דאָס אַ צייט וועט קומען, ווען דיזע ביידע כהונות (עמטער) וועלען זיך בעגעגענען ביי איינער און דערזעלבער פערזאָן, דורך וועלכע גאָט וועט זיין רצון בשלמות בעקאַנט מאַכען פֿאַר די מענשען, אַ פערזאָן, וועלכע וועט זיין ביידעס: אי נביא אי כהן גדול. בעטראַכט מען גענויער אונזערע נבואה וועט מען געפֿינען דאָס דער נביא דערמאָהנט דאָ אַלע דריי כהונות אין ישראל. דאָס ערשטע פאָר שפרעכט פֿון דעם מלך אין ישראל, דאָס צווייטע פאָר פֿון דער כהונה, (זבח איז דאָך ענג מיט דעם כהן פֿערבונדען), און דאָס דריטע פאָר פֿון דער נבואה, ווי מיר האָ־בען אויבען געזעהן. אַלע דריי כהונות (עמטער) זענען געוועזען גאָט׳ס מתנה צו ישראל, זיי זיינען געוועזען די צייכען דאָס ישראל איז גאָט׳ס פֿאָלק און ער ישראל׳ס גאָט. אין דער לאַנגער גלות־צייט אָבער וועלען אַלע דריי כהונות ישראל פֿעהלען: ישראל וועט ניט האָבען ניט קיין מלך, ניט קיין כהן גדול און ניט קיין נביא.

ווען ישראל העט געוואָלט, אַזוי וואָלטען דיזע דריי כהונות פֿערבליבען ישראל׳ס אייגענטום פֿיר אימער און עביג. דען משיח צדקנו איז געקרוינט מיט אַלע דריי קרוינען, מיט דעם כתר נבואה, כתר כהונה און דעם כתר מלכות. ער איז ראשית כל דער געקרוינטער נביא, וועלכער האָט צו אונז גערעדט דברי אלהים חיים, און האָט פֿאַר אונז אַנטפלעקט גאָט׳ס עביגען רצון בעשטימט צו זיין די ריכטשנור פֿאַר אַלע מענשען אין אַלע צייטען. ער איז דער געקרוינטער כהן גדול; אויף זיין שטערן שטעהען די ווער־טער „קדש ליהוה״ געשריבען מיט פֿלאַמען שריפֿט, דען אַלעס אין איהם: זיינע געדאַנקען, זיין ווילען, זיינע וואונשע; זיין לעבען און מעשים — אַלעס איז געוועזען „קדש ליהוה״. און ער האָט, ווי מיר האָבען אויבען פֿון ישעיה נ״ג געזעהן, זיך גופא מקריב געוועזען — אַ קרבן אהן אַ מום, און ער איז מיט זיין בלוט אַריינגעגאַנגען לפני ולפנים אין דעם הימלישען קדש הקדשים, וואו ער שטעהט פֿאַר דעם כסא הכבוד אַלס אַ מליץ יושר פֿאַר די מענשען. און ער איז אונזער געקרוינטער קעניג אויף עביג, דער

מלך המשיח, בעשטימט צו הערשען איבער די גאַנצע ערד און איבער אַלע מענשען (תהל׳ ב׳). אָרעם און בלויז איז אונזער פֿאָלק כל זמן אונז פֿעהלען אָט די דריי טייערע מתנות, די דריי קרוינען. און זיי פֿעהלען אונז ניט ווייל גאָט האָט זיי פֿון אונז צוגענומען, נייערט דערפֿאַר וואָס מיר האָבען פֿערוואָרפֿען משיח צדקנו, וועלכער איז פֿון גאָט זיין פֿאָטער געקרוינט געוואָרען מיט אַלע דריי קרוינען. ווען ער איז געקומען, דער רעכטמעסיגער פֿערטרעטער פֿון די דריי כהונות, האָבען די פֿריהעריגע פֿערטרעטער געמוזט אָבטרעטען אָן אַ זייט. וויל ישראל ניט גלויבען אין דעם מלך המשיח, מוז ישׂראל אָהן אַ קעניג לעבען צוזייעט און צושפּרייט צווישען די אומות העולם; אָהן אַ כהן גדול פֿון דור צו דור וויינען און קלאָגען: גלה ממנו כבוד מבית תפארה, מאז לנו סליחה ולא כפרה; און אָהן אַ נביא לעבען אין שטענדיגער אונגעוויסהייט, זאָגענדיג מיט דעם משורר: אין עוד נביא ולא אתנו יודע עד מה, מיר האָבען מעהר קיין נביא ניט, און מיר האָבען קיינעם ניט ער זאָל וויסען, ווי לאַנג דאָס וועט דויערן (תהל׳ עד, ט). ישׂראל לעבט אין אַ לאַנגער פֿינסטערער גלות־נאַכט, טויזענדער פֿון יאָהרען זענען פֿערגאַנגען און קיין שטים האָט זיך ניט דערהויבען אונז אָנצוזאָגען, דאָס עס וועט באַלד אָנהעבען צו טאָגען, אָדער אונז צו זאָגען וואָס מיר האָבען צו טהון די גאולה מקרב צו זיין.

געווים, מיר האָבען די כתבי הקדש, די טייערע רייד פֿון די נביאים, וואָס מיר האָבען געזאָלט אַכטען אויף זיי ווי אויף אַ ליכט, וואָס דערלייכט אַ צימער אין דער נאַכט, ביז עס וועט אָנהעבען צו טאָגען און דער מאָרגענשטערן וועט אויפֿגעהן. מיר אָבער האָבען דאָס ניט געטהאָן, דעם חומש האָבען מיר כמעט פֿערגעטערט, און וואָס מעהר מיר האָבען דעם חומש פֿערעהרט, דאָס טיעפֿער האָבען מיר די נביאים אַראָבגעזעצט, ביז זיי זיינען פֿאַר אונז געוואָרען ניט מעהר ווי „פסוק" אָדער „מליצה". און אַזוי זיינען מיר געבליבען אָהן ליכט, מיר געהן און ווייסען ניט וואוהין, מיר ליידען און ווייסען ניט פֿאַר וואָס און צו וואָס פֿאַר אַ תכלית. וואָלט אונזער פֿאָלק זיך פֿערטיעפֿט אין די נביאים און זיך פֿערטרויט געמאַכט מיט דעם גייסט פֿון די נביאים, אַזוי וואָלטען מיר שוין לענגסט געגלויבט אין ישוע דעם נביא־הנביאים.

**ואין תרפים.** תרפים זענען געוועזען אַנ׳אַרט געטצענבילדער וואָס מ׳האָט בענוצט אַלס מיטעל זיך צו דערקונדיגען וואָס וועט איינטרעפֿען אין שפּעטערע צייטען. פֿון רחל׳ען דערצעהלט די תורה דאָס זי האָט גע׳גנב׳ט לבן׳ס איהר פֿאָטער׳ס תרפים און אבן-עזרא מיינט, זי האָט עס געטהאָן, כדי לבן זאָל זיך ניט קענען דערקונדיגען, וואוהין

יעקב מיט זיין פֿאַמיליע איז אַנטלאָפֿען. אין יחזקאל כ״א, כ״ו לעזען מיר ווי דער קעניג פֿון בבל האָט זיך געשטעלט „בראש שני דרכים", וואו די וועגען שיידען זיך, די תרפים צו פֿרעגען אויף וועלכען וועג ער זאָל געהן מלחמה פֿיהרען, צו אויף דעם וועג קיין ירושלים, צו אויף דעם אַנדערן וועג. אין די צייטען ווען ישראל איז געוועזען אָבגעפֿאַלען פֿון גאָט האָט מען זיך געווים וועגען דעם אפוד ווייניג געקימערט, דערפֿאַר אָבער די תרפים זעהר פֿלייסיג בענוצט. דער נביא הושע זאָגט אונז אָבער אָן, דאָס אין דער לאַנגער גלית־צייט וועט ישראל קיינע תרפים ניט בענוטצען, אין די „בין־הזמנים" וועט ישראל זיך גאָר אין גאַנצען אָבזאָגען פֿון געטצען־דיענסט און פֿון אַלץ וואָס האָט נאָר עפּעס אַ שייכות צו איהם. און דאָס איז אויך אות באות מקוים געוואָרען. עס קומט פֿאָר, דאָס יחידים בענוטצען זיך מיט אַבערגלויבישע מיטלען אויפֿצוהעבען דעם שלייער וואָס דעקט צו די צוקונפֿט, אָבער דער כלל ישראל, בפרט זיינע גייסטליכע פֿיהרער, ווילען פֿון אַזוינע זאַכען ניט וויסען. דאָס גילט אַלס „אסור משום דרכי האמורי" און דער פֿרומער היט זיך דערפֿון ווי פֿון פֿייער.

---

## ד.

# אַחֲרִית הַיָּמִים.

אַ טרויעריגען בילד האָט דער נביא פֿאַר אונז געמאָלט, אַ בילד וואָס שטעלט פֿאָר די טרויעריגע לאַגע פֿון אונזער פֿאָלק אין דער לאַנגער פֿינסטער־ער גלות-נאַכט. וואָס העלפֿט אונז דאָס מיר זענען שוין ניט מעהר ווי אַמאָל עבידה־זרה־דינער, ווען מיר פֿערבלייבען דאָך אָרעם און פֿער׳־חשך׳ט, כל זמן אונז פֿעהלען די דריי געטליכע מתנות, וואָס דורך זיי האָט ישראל זיך אויסגעצייכענט אין דער וועלט. אָהן אַ קעניג — מוזען מיר זיין צוזייעט און צושפּרייט צווישען די פֿעלקער און לאָזען אונז בעהאַנדלען פֿון זיי, אַזוי ווי מיר וואָלטען געוועזען דער אַבשוים פֿון דער מענשהייט. אָהן אַ כהן גדול און אָהן „זבח" — איז פֿאַר אונז דער וועג פֿערשפּאַרט וואָס פֿיהרט צו גאָט. מיר שרייען און וויינען, טהון תפלה און פֿאַסטען, דער הימעל אָבער איז האַרט ווי אייזען, עס קומט קיין ענטפֿער ניט פֿון גאָט.

אָהן אַ נביא — געהען מיר אַרום אין דער פֿינסטערניס, ווייסען ניט וואוהין צו געהן און וואָס צו טהון.

אָבער דער נביא שליסט זיין נבואה ניט מיט דעם טרויעריגען בילד פֿון אונזער הוה, פֿון אונזער געגענוואַרט. ער האָט נאָך אַ בילד, אַ שיינעם, ליכטיגען און פֿאַרבען־רייכען, דאָס בילד פֿון אונזער צוקונפֿט (עתיד). מיט „אחר" הערבט זיך אָן די נבואה פֿון אונזער הערליכען עתיד; „אחר" — נאָכדעם ווי די „ימים רבים" וועלען פֿערגאַנגען זיין און די „בין־הזמנים" אונזערע צוענדע געקומען, וועט אַ נייע צייט קומען פֿאַר אונזער פֿאָלק. „אחר ישבו בני ישראל ובקשו את ה' אלהיהם ואת דוד מלכם". דערנאָך וועלען די קינדער ישראל תשובה טהון און זוכען דעם האַר זייער גאָט און דוד זייער קעניג. זיי וועלען צוריק־קעהרען צו זייער לאַנד, נאָך בעסער, זיי וועלען צוריק־קעהרען צו זייער גאָט.

„אחר ישבו" — דערנאָך ד. ה. אין די „אחרית הימים" וועלען די בני ישראל תשובה טהון פֿון גאַנצען הערצען.

„שובו" האָבען אַלע נביאים ישראל צוגערופֿען. שובו מדרכיכם הרעים ולמה תמותו בית ישראל. קעהרט אום פֿון אייערע שלעכטע וועגען, פֿאַר וואָס זאָלט איהר שטאַרבען, איהר פֿון הויז ישראל (יחזקאל לג, יא). ישראל אַלס פֿאָלק האָט נאָך קיינמאָל ניט פֿערלאָזען זיינע שלעכטע וועגען און זיך אומגעקעהרט צו גאָט. מיר קענען דאָס אויך ניט טהון, כל זמן גאָט וועט ניט אויסגיסען איבער אונז דעם „רוח חן ותחנונים" (זכריה יב,). נור דעמאָלט וועלען מיר חרטה האָבען פֿון גאַנצען הערצען אויף אַלע אונזערע זינד, גאַנץ בעזונדער אָבער אויף דער זינד, וואָס מיר האָבען פֿערוואָרפֿען דעם עבד ה' דעם צדיק (ישעיה נ"ג). אז דעמאָלט: קול על שפיים נשמע, וועט אַ שטים זיך לאָזען הערען אויף די בערג, בכי תחנוני בני ישראל, דאָס געוויין און רחמים-בעטען פֿון די קינדער יש־אל, כי העוו את דרכם, דען זיי האָבען קרום געמאַכט זייער וועג, שכחו את ה' אלהיהם, פֿערגעסען דעם האַר זייער גאָט. און ווען ישראל וועט אַזוי אָנהאַלטען מיט וויינען און בעטען, וועט אַ שטים זיך לאָזען הע־רען פֿון גאָט, וועלכע וועט זאָגען: שובו בנים שובבים, קעהרט אום איהר אָבגעפֿאַלענע קינדער, ארפא משבתיכם, היילען וויל איך אייער גרויסען און לאַנגען אָבפֿאַל. און ווי ישראל וועט נאָר דערהערען די דאָזיגע בשורה טובה, דאָס זיי דאַרפֿען צוריק־קומען און אַ רפואה שלמה ביי גאָט געפֿינען, וועלען זיי מיט גרויס שמחה אויסרופֿען: הננו אתנו לך, כי אתה ה' אלהינו. אָט זענען מיר, מיר קומען צו דיר, דען דו ביסט דער האַר אונזער גאָט. (ירמיה ג, כא-כב; זעה אויך זכריה יב, י-יד).

„ובקשו את ה׳ אלהיהם״. און זיי וועלען זוכען דעם האַר זייער גאָט. אין דברי הימים ב, קאפ. טו לייענען מיר דאָס דער נביא עזריהו בן עודד האָט נביאות געזאָגט: „וימים רבים לישראל ללא אלהי אמת וללא כהן מורה וללא תורה״. אַ לאַנגע צייט איז ישראל געוועזען אָהן דעם אמת׳ן גאָט, אָהן אַ כהן, וועלכער זאָל בעלעהרען, און אָהן תורה. דיזע ווערטער פּאַסען אויך אויף די לאַנגע גלות־צייט וואָס הושע רעדט וועגען איהר, אין דער צייט ווען ישראל דעם „אלהי אמת״ ניט קענען, ניט דיענען. דיזער פאַקט איז דער טרויעריגס־טער צוג אין דעם בילד פון ישראל׳ס איצטיגען צושטאַנד; ניט קוקענדיג אויף אונזער פרומקייט און רעליגיעזען אייפער, זענען מיר דאָך „ללא אלהי אמת״, און דעם אמת׳ן גאָט זוכען איז דער אָנפאַנג פון אונזער אויפריכ־טיגער תשובה.

גאָט איז דער „רואה ואינו נראה״. ער זעהט אַלץ, איהם גופא איז קיין מענשען־אויג ניט אימשטאַנד צו זעהן. זאָלען מיר האָבען אַ אמת׳ע ידיעה וועגען גאָט ב״ה מוז ער זיך פאַר אונז אַנטפּלעקען. דאָס האָט ער געטהאָן אין דער געשיכטע פון אונזער פאָלק דורך משה און די נביאים. אַלע געדאַנקען און פאָרשטעלונגען וואָס מיר מאַכען אונז וועגען גאָט, ווען זיי גרינדען זיך ניט אויף גאָט׳ס וואָרט, זענען בבחינת „לא תעשה פסל״, דער גאָט פון אונזערע אייגענע געדאַנקען איז ניט דער אלהי אמת, ער איז אַ פסל וואָס מיר האָבען פערפערטיגט. גאָט האָט זיך אָבער פאַר אונז ניט אויף איין מאָל אין גאַנצען אַנטפּלעקט, זיין נאָמען איז: א ה י ה א ש ר א ה י ה, איך וועל זיין דאָס וואָס איך וויל זיין ד. ה. זיינע אַנטפּלעקונג איז אַ סוקסעסיווע, געהט מדרגה לדרגה ביז זי דערגרייכט די העכסטע מדרגה. אין גאָט׳ס פיהרונג פון זיין פאָלק, אין די מעשים וואָס ער טהוט אין מיטען פון ישראל אַנפּלעקט זיך גאָט׳ס חאַראַקטער און ווילען, און בפרט אין דעם וואָרט, וואָס ער פערקינדיגט דורך זיינע נביאים.

גאָט׳ס גרעסטע טהאַט איז די גאולה. אין דער גאולה אַנטפּלעקט זיך זיין געטליכער כבוד, וואָרום די גאולה איז דער העכסטער אויסדרוק פון זיין טריישאַפט און ליעבע, זיין רחמנות און גוטסקייט. די גאולה האָט אונז געבראַכט דער גואל, משיח צדקנו, וועלכען גאָט האָט געשיקט אין איבער־איינשטימונג מיט אַלע הבטחות זיינע. משיח צדקנו, אויסער דעם וואָס ער איז דער גרויסער גואל פון ישראל און אַלע מענשען, איז גאַנץ בעזונדערס דער גרויסער נביא, דורך וועלכען גאָט אַנטפּלעקט פאַר אונז זיין געטליך וועזען אַזוי פאָלקאָמען ווי קיין מאָל ניט פריהער. די נביאים האָבען אונז גאָט׳ס וואָרט פערקינדיגט, דער משיח אָבער פערקינדיגט ניט נור גאָט׳ס

וואָרט, ער איז אין זיינער פּערזאָן גאָט'ס וואָרט; זיין לעבען, זיינע ווערקע, זיין חאַראַקטער, זיין געזיננונג, זיין פֿערהאַלטען זיך צו פֿריינד און פיינד, צו הויך און נידעריג — אַלץ איז גאָט'ס וואָרט, דורך אַלץ וואָס ער איז און טהוט רעדט גאָט צו אונז, אַנטפּלעקט ער פֿאַר אונז זיינע געדאַנקען און זיין ווילען. דערפֿאַר האָבען די ערשטע מאמינים אין משיח צדקנו געזעהן אין איהם דעם „צלם אלהים", די הויכסטע אַנטפּלעקונג פֿון גאָט. ביז אַהער האָבען מיר גאָט געקאָנט אַלס דעם גאָט פֿון אברהם יצחק און יעקב, איצט קענען מיר איהם אויך אַלס דעם גאָט און פֿאָטער פֿון ישוע המשיח.

מיר האָבען געזאָגט, דאָס די גאולה דורך משיח צדקנו איז גאָט'ס גרעסטע טהאַט אין דער וועלט געשיכטע. אין דער גאולה אַנטפּלעקט זיך אויף דער הויכסטער מדרגה אי גאָט'ס העליגקייט (קדושה) און אי גאָט'ס ליעבע (אהבה), ווי מיר האָבען אויבען געזעהן, ווען מיר האָבען אַרום גע-רעדט דעם ענין פֿון ישעיה נ"ג. אָבלייקענען דעם גואל און די גאולה וואָס ער האָט דורך זיין לעבען און טויט דערוואָרבען פֿאַר די מענשהייט הייסט אָבלייקענען דאָס שעהנסטע און ליכטיגסטע אין גאָט'ס בילד, הייסט ניט צו גלויבען אין דעם אהיה אשר אהיה. און ווייל מיר טהוען דאָס, זענען פֿאַר אונז פֿערדונקעלט געוואָרען אויך די פֿריהערע גאָט'ס אַנטפּלעקונגען דורך משה און די נביאים. דער נביא זאָגט אונז אָבער אָן דאָס אַ צייט וועט קומען, ווען מיר אַלס פֿאָלק וועלען זוכען דעם האַר אונזער גאָט, דעם אלהי אמת.

**ובקשו את דויד מלכם**, און זיי וועלען זוכען דוד זייער קעניג. ווי זיי וועלען גאָט זוכען, וועלכען זיי האָבען פֿערגעסען, אַזוי וועלען זיי זוכען דוד זייער קעניג, וועלכען זיי האָבען פֿערוואָרפֿען. דאָס „בקשו" אין פסוק בעציהט זיך אי אויף גאָט און אי אויף „דוד מלכם" און דערמיט איז אונז געגעבען צו פֿערשטעהן, דאָס ווי זיי האָבען זיך פֿון גאָט אָבגעקעהרט אַזוי האָבען זיי זיך אויך פֿון זייער קעניג דוד אָבגעקעהרט, איצט וועלען זיי אי גאָט און אי זייער קעניג דוד זוכען, ביידע אויף איין מאָל.

ווער איז געמיינט מיט „דויד מלכם"? אַלע מפרשים זענען איניג דערין, דאָס די ווערטער בעציהען זיך ניט אויף דוד המלך גופא, וועלכער איז אין הושע'ס צייטען שוין לאַנג לאַנג טויט געוועזען, נייערט אויף דעם מלך המשיח, וועלכער וועט נאָך קומען. דער תרגום איבערזעצט: וישתמעון למשיחא בר דוד מלכהון, און זיי וועלען זיך אונטערוואַרפֿען משיח'ן, דעם זוהן פֿון דוד, זייער קעניג. אבן עזרא זאָגט:

וטעם „ואת דויד מלכם״ זהו המשיח, כמו ודוד עבדי נשיא להם לעולם (יחזק׳ לז, כה). און אין ירמי׳ ל, ט, וואו עס הייסט, ועבדו ... את דוד מלכם אשר אקים להם, איבערזעצט דער תרגום: וישתמעון למשיחא בר דוד דאקים להון. ווען די נביאים זאָגען, דאָס גאָט וועט אויפוועקען דוד זייער קעניג, אָדער דאָס ישראל וועט זוכען דוד זיין קעניג, איז דערמיט ניט געמיינט דוד המלך, נייערט דער מלך המשיח, דער אמת׳ער יורש פון דוד, אַ מענש און אַ קעניג נאָך גאָט׳ס הערץ (כלבבי), אין וועלכען אַלע הבטחות וואָס גאָט האָט דוד צוגעזאָגט, וועלען מקוים ווערען. עס געפיי־נען זיך מעהרערע שטעלען ביי די נביאים וואו משיח ווערט אָנגערופען דוד, ווי יחזקאל לד, כג כד; לז, כד, כה, אָבער הושע ג׳ און ירמיה ל, ט, וועלכע מיר האָבען אָנגעפיהרט, זענען בעזונדערס וויכטיג. הושע זאָגט ובקשו את ה׳ אלהיהם ואת דוד מלכם, און ירמיה: ועבדו את ה׳ אלהיהם ואת דוד מלכם. איןביידע ערטער שטעהט משיח נעבען גאָט, גאָט און משיח ווערען פון ישראל געזוכט אין דערוועלבער צייט, און ביי׳ם לייענען פון די ווערטער האָט מען דעם איינדרוק, דאָס מ׳קען גאָט ניט זוכען און דיענען, ווען מ׳זוכט ניט דעם מלך המשיח און דיענט איהם.

אין יחזקאל הייסט עס: ועבדי דוד מלך עליהם ורועה אחד יהיה לכלם — און מיין קנעכט דוד וועט זיין קעניג איבער זיי און זיי אַלע וועלען האָבען איין הירטען (לז, כד). אין פסוק כ״ה הייסט עס אָבער: ודוד עבדי נשיא להם לעולם, און מיין קנעכט דוד וועט אַ נשיא פאַר זיי זיין אויף עביג. אַלזאָ: אין איין פסוק הייסט ער „מלך״ און אין דעם אַנדערן „נשיא״, דער תרגום איבערזעצט ביידע ווערטער מיט „מלכא״ קעניג, אָבער ווי יעדער ווייס איז די בעדייטונג פון נשיא — פירסט און ניט קעניג. אַ קעניג וועהלט מען ניט אַלע מאָל. נור דעם ערשטען קעניג וועהלט מען, אָבער דער בן מלך בעקומט שוין די מלוכה בירושה פון זיין פאָטער, פון וועלכען ער ערבט דאָס רעכט צו זיטצען אויף זיין טהראָן. אַ נשיא אָבער ווערט איינער, ווען דאָס גאַנצע פאָלק וועהלט איהם פרייוויליג דערצו. פאַר וואָס־זשע הייסט משיח איינמאָל מלך און דאָס אַנדערע מאָל נשיא? דער תירוץ אויף דעם געפינט זיך אָנגעדייטעט אין די ווערטער פון הושע: ובקשו.. את דוד מלכם. איך האָב געזוכט צו בעווייזען דאָס דאָס וואָרט „ובקשו״ איז מרמז, דאָס ישראל האָט „דוד מלכם״ פערוואָרפען ווי זיי האָבען גאָט פערוואָרפען. ווי וואויל ער האָט דאָס רעכט געהאַט צו זיטצען אויף דעם טהראָן פון זיין פאָטער דוד, האָבען זיי איהם פערוואָרפען, זאָגענדיג: מיר ווילען ניט דאָס ער זאָל איבער אונז קעניגען. אָבער אין אחרית הימים וועט ישראל זוכען זיין

פֿערוואָרפֿענעם קעניג, און ווען זיי האָבען איהם געפֿונען, ווע̇לען זיי אַלע ווי איין מאַן איהם וועהלען צו זיין א קעניג איבער זיך; דערמיט ווע̇לען זיי ווייזען דאָס זיי האָבען פֿון הערצען חרטה אויף דעם וואָס זיי האָבען איהם אַמאָל פֿערוואָרפֿען און פֿעראַכטעט. מצד הירושה ווערט ער גע־נאַנט מלך, דען ער האָט אַ געטליכען רעכט צו זיטצען אויף דעם טהראָן פֿון דוד זיין פֿאָטער, מצד דער נייער בחירה אָבער ווערט ער גענאַנט נשיא, און דערין ליגט אַ רמז, אַז דאָס גאַנצע פֿאָלק וועט איהם איינ־שטימיג אויסקלייבען צו זיין זייער קעניג אויף עביג.

אַ פֿאָרשפּיעל דערצו האָבען מיר אין דוד המלך'ס אייגענעם לעבען. ווי מיר ווייסען האָט שמואל הנביא אויף גאָט'ס בעפֿעהל געזאלבט דוד'ן צום קעניג איבער ישראל, בעת ער איז נאָך געוועזן זעהר יונג. פֿון דעם טאָג אָן וואָס ער איז געזאַלבט געוואָרען האָט ער שוין געהאַט אַ רעכט צו קעניגען איבער ישראל. די מלוכה האָט שוין געהערט צו איהם. עס האָט אָבער נאָך מעהרערע יאָהרען געדויערט ביז ער איז אין דער ווירקליכקייט געוואָרען קעניג פֿון ישראל. פֿופֿצעהן לאַנגע יאָהר האָט ער געמוזט זיין נע ונד, און אין דיזער צייט האָט קיינער זיינע רעכטע ניט אַנערקענט, זיין היים איז געוועזן די „מערת עדולם" אָדער מדבר יהודה, און וואָס פֿאַר משונה'דיגע מענשען האָבען זיך דאָ אַרום איהם פֿערזאַמעלט? —

— ויתקבצו אליו כל איש מצוק, וכל איש אשר לו נשא וכל איש מר נפש ויהי עליהם לשר. און עס האָבען זיך פֿערזאַמעלט ביי איהם אַלערליי בעדריקטע מענשען, און אַזעלכע וואָס האָבען ניט געקאָנט בעצאָהלען זייערע חובות, און מענשען, וואָס איז זיי געוועזען ביטער אויף'ן הערצען; פֿאַר זיי איז ער געוואָרען אַ שר, אַ פֿיהרער (שמואל א' כב, ב). צום סוף האָט זיך דאָך ישראל'ס הערץ געקעהרט צו דוד'ן: ויבאו אנשי יהודה וימשחו שם (בחברון) את דוד למלך על בית יהודה. (שמואל ב' ב, ד). זיי האָבען איהם ווידער געזאַלבט, אַזוי ווי ער וואָלט קיין מאָל פֿריהער ניט געזאַלבט געוועזען. דאָס וואָס האָט פּאַסירט דוד המלך מוז אייך איהם פּאַסירען, וועלכער איז דער אמת'ער בן דוד. ווי דוד המלך איז אַ לאַנגע צייט געוועזן פֿערוואָרפֿען פֿון זיין פֿאָלק, אַזוי מוז אויך משיח בן דוד אַ לאַנגע צייט פֿערוואָרפֿען זיין פֿון זיין אייגען פֿאָלק. ווי צו דוד'ן זענען גע־קומען אונגליקליכע, בעדריקטע און געאייננגטע, בעלי חובות גרויסע און מענשען מיט ביטערע הערצער, צו זוכען ביי איהם שוטץ און הילפֿע, אַזוי זאַמלען זיך אַרום משיח צדקנו אַלע אונגליקליכע, צו זוכען ביי איהם הילפֿע, טרייסט און שוטץ, און ווי ישראל האָט צום סוף דוד'ן דאָך געמאַכט צום קעניג איבער זיך, אַזוי וועט ישראל אויך ישוע, פֿון וועמען זיי האָבען

אַ לאַנגע צייט נישט געוואָלט וויכען, ווידער מאַכען צום קעניג איבער זיך.

ליעבער לעזער! פֿון דיזען פֿון ישראל פֿערוואָרפֿענעם משיח רעדט דאָס ברית־חדשה. דאָס ער איז אַ בן־דוד האָבען מיר אויבען בעוויזען. דאָס ער האָט דעם אַנשפרוך ערהויבען ישראל׳ס משיח צו זיין, בעצווייפֿעלט קיינער ניט, אפילו זיינע גרעסטע געגנערס ניט, דאָס ער האָט דורך אותות ומופתים, נסים ונפלאות בעוויזען, דאָס ער איז געשיקט געוועזען פֿון גאָט, בעצווייפֿעלט אויך קיינער ניט, אפילו זיינע פֿיינד ניט. אויך אפילו דאָס שמוטציגע ביכעל „תולדות ישו“ דערצעהלט גרויסע וואונדער וואָס ישוע זאָל האָבען געטהאָן. דאָך האָט ישראל אַלס פֿאָלק איהם פֿערוואָרפֿען. פילאַטוס, דער רוימישער שטאַדטהאַלטער אין ארץ ישראל, האָט געוואָלט ישוע׳ן פֿריי געבען, לויט אַנ׳אַלטען מנהג, דאָס די רוימישע רעגירונג האָט געזאָלט פֿריי געבען צו יום טוב איינעם אַ צום טויט פֿערמשפּט׳ן יודען, כל ישראל אָבער צוזאמען מיט זיינע פֿיהרער האָט ווי איין מאַן גערופֿען: „קרייציג איהם, קרייציג איהם, גיב אונז בר־אבא!“ בר־אבא איז אָבער געוועזען אַ רויבער און זיינע הענד זענען בעפֿלעקט געוועזען מיט בלוט וואָס ער האָט פֿערגאָסען. אַזוי האָט ישראל דעם עבד ה׳ פֿערוואָרפֿען. אָבער פֿון ישעיה נ״ג האָבען מיר אויבען געזעהן דאָס אַ צייט וועט נאָך קומען ווען ישראל וועט נאָך חרטה האָבען אויף דעם וואָס מיר האָבען פֿערוואָרפֿען דעם עבד ה׳ און זאָגען דעם וידוי הגדול פֿון ישעיה נ״ג און צולעצט ווערען אמת׳ע מאמינים אין איהם, וועלכען מיר האָבען אַזאַ לאַנגע צייט געהאַסט און פֿעראַכטעט. דאָס שטימט גאַנץ גענוי מיט הושע ג׳, וואו עס הייסט בפירוש דאָס ישראל וועט זוכען דעם פֿערוואָרפֿענעם בן־דוד. דער פֿערוואָרפֿענער בן־דוד איז אָבער ישוע המשיח, צו וועמען עס זאַמלען זיך איצט אַלע געדריינגטע מענשען, אַלע גרויסע בעלי חובות וועלכע קלאָגען: השגוני עונתי ולא יכלתי לראות, עצמו משערות ראשי ולבי עזבני, מיינע שולדען האָבען מיך דערגרייכט און איך קען ניט זעהן, זיי זיינען צאָהלרייכער אַלס די האָר פֿון מיין קאָפּ, און איך בין גאַנץ פֿערצווייפֿעלט (תהל׳ מ׳); אַלע וואָס איז זיי ביטער אויף׳ן האַרצען קומען צו איהם און זוכען ביי איהם ישועה און נחמה, סליחה ומחילה. דיזען ישוע בן־דוד וועלען מיר אַ מאָל, אַלע ווי איין מאַן, וועהלען צום קעניג איבער אונז און מלכות שמים אויף אונז נעהמען. דערפֿאַר הייסט ער אי מלך אי נשיא, מלך הייסט ער מצד הירושה: וה׳ יתן לו את כסא דוד אביו, ומלך על בית יעקב לעולם ועד ולמלכותו אין קץ, און גאָט דער האַר וועט איהם געבען דעם טהראָן פֿון דוד זיין פֿאָטער, און ער וועט קעניגען איבער דעם הויז יעקב אימער און עביג, און זיין מלוכה וועט ניט האָבען קיין ענדע, (לוקס א, ל״ב, ל״ג).

און נשיא הייסט ער ווייל ישראל וועט איהם נאָך אַמאָל פרייוויליג צום קעניג מאַכען און איהם בעגריסען מיט די ווערטער: ברוך הבא בשם ה'. געבענשט איז ער וועלכער קומט אין נאָמען פון גאָט דער האַר (מתיא כג, לט). דעמאָלט וועט ישראל דיענען גאָט ב"ה און דוד זייער קעניג.

ניט נור די געשיכטע פון דוד המלך, אויך די וואונדערבאַרע געשיכטע פון יוסף הצדיק איז אַ פאָרשפּיעל צו דער געשיכטע פון משיח צדקנו און אַ רמז אויף איהם. ווי יוסף אַזוי איז אויך ישוע געהאַסט פון זיינע ברידער דערפאַר וואָס ער האָט צו זיי, ווי יוסף, גערעדט וועגען דעם, דאָס גאָט האָט איהם געשיקט צו זיין זייער קעניג און בכן איז עס זייער חוב אין איהם צו גלויבען און איהם צו פאָלגען. און ווי די ברידער האָבען צו־ערשט יוסף'ן געוואָלט טויטען און דערנאָך איהם איבערגעגעבען אין גוי'שע הענד, זיינע חלומות זאָלען בטל ומבוטל ווערען, אַזוי האָבען די בני ישראל אונזער ברודער ישוע צוערשט געוואָלט טויטען, דערנאָך אָבער איהם איי־בערגעגעבען אין די הענד פון די האַרטהערציגע רוימער. צו שאַנדען איז אָבער געוואָרען דער בייזער פלאַן פון יוסף'ס ברידער. דערמיט וואָס זיי האָבען איהם איבערגעגעבען אין גוי'שע הענד האָבען זיי געגען איהר איי־גענעם ווילען געמוזט העלפען יוסף'ן קומען צו זיין גדולה. דען ביי די גוים איז ער גרויס געוואָרען און פאַר זיי איז ער געוואָרען צפנת פענח דער וואָס גיט שפייזע צום לעבען. אַזוי איז עס אויך געגאַנגען מיט ישוע משיחנו. ביי די גוים איז ער גרויס געוואָרען (זעה ישעיה נ"ג אויבען), פאַר זיי איז ער געוואָרען דער גואל פון גאָט געשיקט „להחיות עם רב", ביי'ם לעבען צו דערהאַלטען אַ גרויס פאָלק. און ווי די נויט האָט געצוואונגען יוסף'ס ברידער קיין מצרים צו גהען, וואו יוסף האָט געהערשט, ביי איהם שפייזע צו קויפען, אַזוי האָט אויך די נויט געטריבען אונזער פאָלק אין די לענדער וואו ישוע הערשט און רעגירט. גרויסע צרות זענען דאָרט איבער זיי געקומען, אָבער ווי יוסף'ס ברידער זענען דורך זייער נויט צו זיך גע־קומען און האָבען זיך דערמאָהנט אָן זייער זינד געגען זייער ברודער יוסף און צולעצט זיך מודה געווען:

> אבל אשמים אנחנו על אחינו, אשר ראינו בצרת נפשו בהתחננו אלינו ולא שמענו, על כן בא עלינו הצרה הזאת: אמת איז עס, מיר האָ־בען אונז פערשולדיגט אָן אונזער ברודער, ווייל מיר האָבען גע־זעהן די אַנגסט פון זיין נשמה, בעת ער האָט זיך ביי אונז געבעטען און מיר האָבען עס ניט געהערט — דערפאַר איז איבער אונז גע־קומען דאָס אונגליק (בראשית מב, כא) —

אַזוי וועט אויך אונזער פאָלק, דורך די פיעלע צרות, וואָס קומען שטענדיג

איבער אונז, אַ מאָל נאָך צו זיך קומען און זיך דערמאָהנען אָן זיין זינד געגען זיין ברודער ישוע און אָנפאַנגען וידוי צו זאָגען, אבל אשמים אנחנו על אחינו וג'. דעמאָלט וועט ישעיה נ"ג און הושע ג' גאַנץ מקוים ווערען; דעמאָלט וועט ישוע, ווי יוסף אַמאָל, זיינע ברידער טרייסטען און זאָגען:

אל תיראו. אתם חשבתם עלי רעה, אלהים חשבה לטובה, למען עשה כיום הזה להחיות עם רב. האָט קיין מורא נישט. איהר האָט בייזעס אייף מיך געטראַכט, גאָט אָבער האָט עס אומגעקעהרט צום גוטען, כדי אייסצופיהרען דאָס וואָס איך האָב איצט פאַר מיר: פיעלע מענשען ביים לעבען צו דערהאַלטען. (שם נ, יט).

**ופחדו אל יהוה ואל טובו.** ווען ישראל וועט דערקענען גאָט ווי ער האָט זיך אַנטפלעקט אין זיין הייליג וואָרט און צולעצט דורך משיח צדקנו, וועט ישראל ציטערנדיג זיך היילען צו גאָט דעם האַר און צו זיין גוטסקייט. גוטסקייט פון גאָט וועט ישראל דערלעבען. די ישועה, וואָס משיח האָט געבראַכט פאַר דער גאַנצער וועלט וועט אויך ישראל'ס ישועה זיין. ישראל וועט פון גאָט'ס האַנד בעקומען פערגעבונג פאַר אַלע זיינע זינד און וועט ווידער ווערען גאָט'ס פאָלק, פון גאָט געליעבט מיט אַן'עבּיגער ליעבע. איבער די גוטסקייט פון גאָט ב"ה וועלען זיי ניט פערגעסען זיינע העלינקייט; זיי וועלען ניט פערגעסען, דאָס די זינד איז געווזען דער קוואַל פון אַלע זייערע צרות און אונגליקען. אַ יראה מאהבה ויעט דערפילען זייער האַרץ. זיי וועלען שטענדיג געדענקען דערין, דאָס אַלע אונגליקען זענען איבער זיי געקומען דערפאַר וואָס זיי האָבען געהאַנדעלט גלייך צו דער גמר בת דבלים, האָבען גאָט ב"ה, דעם קוואַל פון לעבעדיג וואַסער, פערלאָזען און זיך געגראָבען אייגענע ברונימער וואָס האָבען קיין וואַסער ניט. (ירמיה ב, יג) דער חסר, וואָס ישראל וועט דענסט-מאָל פון גאָט דערלעבען, וועט זיין הערץ דערפילען מיט דער אמת'ער יראת שמים, ווי דער משורר זאָגט: כי עמך הסליחה למען תורא, ביי דיר איז פערגעבונג, כדי מ'זאָל פאַר דיר מורא האָבען (תהל' ק"ל).

ווען וועט דאָס זיין? באחרית הימים, זאָגט דער נביא, ד. ה. אין די ימות המשיח, ווי אונזערע חכמים זאָגען. די „אחרית הימים" האָבען זיך אָבער שוין לאַנג אָנגעהויבען, דעמאָלט ווען משיח צדקנו איז נגלה גע-וואָרען, אין די לעצטע יאָהרען פון בית שני. אַז די ימות המשיח האָבען געזאָלט אין יענער צייט זיך אָנהויבען האָט מען אַלגעמיין געגלויבט אין ישראל, ווי מיר קענען דאָס זעהן פון דער אַלטער בריתא אין מס' סנהדרין פרק חלק (דף צ"ז.) „תנא דבי אליהו: ששת אלפים שנה הוי עלמא, שני אלפים תוהו, שני אלפים תורה, שני אלפים ימות המשיח, ובעונותינו שרבו

יצאו מהם מה שיצא". אין דעם בית המדרש פֿון אליהו (הנביא?) איז געלערנט געוואָרען: זעקס טויזענד יאָהר שטעהט די וועלט, צוויי טויזענד יאָהר זענען וויסט, צוויי טויזענד יאָהר הערשט די תורה, צוויי טויזענד יאָהר זענען די ימות המשיח, און וועגען אונזערע פֿיעלע זינד זענען אַסך יאָהרען שוין פֿערגאַנגען (און משיח איז נאָך ניט געקומען). פֿאַר ישראל פֿאַנגען זיך די אחרית הימים אָן ווען ישראל וועט אָנפֿאַנגען גאָט און זיין משיח צו זוכען, אָדער ווען ישראל וועט זיין משיח ישוע בעגריסען מיט די ווערטער: ב ר ו ך ה ב א ב ש ם ה'. דאָ וועלען ישראל'ס זינדען און צרות דערגרייכען זייער סוף. דאָס יאָך פֿון די גוים, וואָס דריקט אונז איצט אַזוי שווער, וועט צובראָכען ווערען. דאָ וועלען מיר שוין דעם בורא יתברך קיין מאָל ניט מעהר פֿערלאָזען, דאָ וועלען מיר דינען פֿונ'ם גאַנצען הער-צען אונזער גאָט און משיח צדקנו, דאָ וועט אויף אונז מקוים ווערען גאָט ב"ה'ס הערליכע הבטחה:

כה אמר ה': כאשר הבאתי אל העם הזה את כל הרעה הגדולה הזאת, כן אנכי מביא עליהם את כל הטובה אשר אנכי דבר עליהם.

אַזוי זאָגט גאָט דער האַר: ווי איך האָב איבער דעם דאָזיגען פֿאָלק געבראַכט אָט דעם גרויסען אונגליק, אַזוי וועל איך אויך ברענגען איבער זיי אַלעם גוטס, וואָס איך זאָג זיי צו (ירמיה ל"ב, מב). אמן.

